# DI FAKTORN UN OYFGABN FUN TSIENIZM IN ITSTIKN MOMENT

David Ben-Gurion



NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

ד. בן־גוריון

# די פאקטארן און אויפגאבן פון ציוניזם אין איצטיקן מאמענט



הוצאת הנהלת הסוכנות היהודית לא״י

תרצ״ה ירושלים / לונדון 1935

די דאזיקע בראשור אנטהאלט די רעדע
וואס ה׳ ד· בן־גוריון, מיטגליד פון דער
עקזעקוטיווע פון דער יידישער אגענץ,
האט געהאלטן כ״ז אדר ב׳ תרצ״ה (1־טן
אפריל 1935) אויף דער זיצונג פונם ציו־
ניסטישן אקציאנס־קאמיטעט·

ד. בן־גוריון

# די פאַקטאָרן
# און אויפגאַבן פון ציוניזם
# אין איצטיקן מאָמענט

הוצאת הנהלת הסוכנות היהודית לארץ־ישראל
תרצ״ה ירושלים / לונדון 1935

## א. די לאָנדאָנער אָפּמאַכן

לאָמיר אָנהויבן פון א ענין, וואָס האָט בשעתו ארויסגערופן צערודערונג, האָפנונגען און קעגנערשאַפט, — פון דעם ענין, וואָס הייסט „לאָנדאָנער אָפּמאַכן". קודם כל מוז איך ריכטיק שטעלן די פאַקטן, ווארום צום באדויערן האבן אויך נאָענטע מענטשן צעדרייט די יוצרות. אין לאָנדאָן זיינען אונטערגעשריבן געוואָרן דריי דאָקומענטן. דאָס איז געמאכט געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, וועלכע האָט איינגעלאַדן אויף פאַרהאַנדלונגען אַלע פארטייען, וואָס זיינען אין איר נישט באַטייליקט: די רעוויזיאָניסטן, די אַלגעמיינע ציוניסטן דעם מזרחי און די אידנשטאַטס־פאַרטיי. דער מזרחי האָט די איינלאַדונג נישט אָנגענומען. די רעוויזיאָניסטן און די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן זי יאָ אָנגענומען און געקומען צו דער צייט. די עקזעקוטיוו־מיטגלידער האָבן שוין איבערגעגעבן די רעזולטאַטן פון דער זיצונג מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן. איך וועל ווידמענען אייניקע מינוטן די רעזולטאַטן פון דער זיצונג מיט די רעוויזיאָניסטן. עס זיינען אונטערגעשריבן געוואָרן דריי דאָקומענטן: צוויי אין נאָמען פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע — און ביידע עקזיסטירן און גילטן, און אויף וויפל עס איז פאַראַן דיסציפּלין פאַרפליכטן זיי אַלע מיטגלידער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. און דער צווייטער צד, וואָס האָט זיי אונטערגעשריבן — דער רעוויזיאָניסטן־פארבאנד—האָט פארשטאַנען, משמעות אַז ס'איז פאַראַן דיסציפּלין און דיסציפּלין־פליכט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָרום אויב נישט האָט דאָך דער אונטערשריפט פון דער עקזעקוטיווע קיין ווערט נישט. דידאָזיקע אָפּמאַכן, וועלכע די עקזעקוטיווע האָט אונטערגעשריבן, זיינען:

א) וועגן רעגולירן די פּאַרטיי־קאַמפן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; דער צווישן־פּאַרטייאישער ויכוח זאָל זיין געהאלטן אין די ראַמען פון געזעלשאַפטלעכער אָנשטענדיקייט און עס זאָל אין אים אויסגעמיטן ווערן אַלץ, וואָס גייט אַרויס פון די ראַמען פון פּאָליטיש־אידעאָלאָגישן קאַמף. דער אָפּמאַך פאַרבאָט טעראָר־אַקטן, געשלעגעריי, מסירות א.אַ.וו.

אוסישקין האָט זיך געפילט געטראָפן פון דעם, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין דעם אָפּמאַך. די ציוניסטישע עקזעקוטיווע האָט זיך געפילט געטראָפן פון דעם, וואָס איז געטהון געוואָרן איידער דער אָפּמאַך איז געשריבן געוואָרן. ס'איז נישט קיין חרפה צו פאַרבאָטן מיאוסע זאַכן. אַ חרפה איז אַזעלכע זאַכן צו טהון. און ווען מען טהוט זיי יאָ — דאַרף מען עס פאַרבאָטן. דערצו פאַרמאָגן מיר אַ זייער וויכטיקן פּרעצעדענט — מיר פאַרמאָגן איינעם אַ גרויסן דאָקומענט, אין וועלכן עס שטייט געשריבן: „לא תרצח" און עס־לעכע לאָוון. עס איז נישט קיין שאַנדע פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס זי האָט געהאַט דעם מוט צו זאָגן, אַז דאָס און דאָס טאָר מען נישט. מיר האָבן נישט געפירט קיין שטרויס־פּאָליטיק און נישט באַהאַלטן די אויגן פונם שלעכטס, נאָר מיר האָבן עס געזען אין דער גאַנצער גרויזאַמקייט און מיר האָבן געזאָגט: אַזעלכעס זאָל ביי אונז נישט געשען. דאָס גיט אויך צו ווירדע דעם צווייטן צד, וועלכער האָט געהאַט מוט דאָס צו זאָגן. איך ווייס נישט, צי נאָכן הסכם וועלן די מעשים אויפהערן. אָבער מיר האָבן געטהון אַלץ, וואָס ס'איז געווען מעגלעך און דער הסכם עקזיסטירט און גילט.

ב) ס'איז אונטערגעשריבן געוואָרן אַ צווייטער הסכם אין נאָמען פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, און אויך ער עקזיסטירט און גילט. אמת, דאָס איז נאָר אַ צייטווייליקער הסכם. די רעוויזיאָניסטן האָבן זיך, לויט אים, פאַרפליכטעט צייטווייליק אויפצוהערן דעם קאַמף קעגן דער קאָמפּעטענץ פון דער עקזעקוטיווע אין סערטיפיקאַטן־ענינים און אָפּצושטעלן דעם באָיקאָט קעגן די פאָנדן. איך האָב געהאַט צער הערנדיק נעכטן פון אוסישקינען, אַז די טעטיקייט קעגן די פאָנדן ווערט פאַרגעזעצט. די רעוויזיאָניסטן האָבן זיך פאַרפליכטעט זי אָפּצושטעלן. דערביי האָט די ציוניסטישע עקזעקוטיווע געמאָלדן, אַז כל זמן די רעוויזיאָניסטן וועלן אָפּהיטן זייער פאַרפליכטונג, וועט זי נישט אויספירן דעם אורטייל פון ציוניסטישן ערן־געריכט, וועלכער נעמט צו ביים ביתר זיינע אָרגאַניזאַציע־רעכט לגבי עליה און הכשרה.

## ב. דער פּראָיעקט פון אַ אַרבעטס־הסכם

דאָס זיינען די צוויי אָפּמאַכן, וועלכע זיינען אונטערגעשריבן געוואָרן דורך דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, און זיי גילטן ביז איצט. געווען נאָך עפּעס, נישט קיין הסכם, נאָר אַ פּ ר אָ י ע ק ט פון אַ הסכם, און נישט מצד דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע נאָר מצד צוויי יחידים: איינער — איך, וואָס שטיי פאַר אייך, און דער צווייטער — וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי. דאָס איז געווען נאָר אַ פּראָיעקט, און איז פאָרמולירט געוואָרן אַלס פּראָיעקט, וואָס דאַרף באַ־שטעטיקט ווערן. אָן דער באַשטעטיקונג האָט ער קיין שום האַפט נישט געהאַט.

דאָס איז דער פּראָיעקט פון אַ אָפּמאַך וועגן חברשע באַציאונגען צווישן דער הסתדרות העובדים און די רעוויזיאָניסטישע אַרבעטער. ה׳ גראָסמאַן, וועלכער היט זייער אָפּ די קאָנגרעס־באַשלוסן, האָט געטענהט, אַז דערמיט איז געמאַכט געוואָרן אַ ברוך פון דעם קאָנגרעס־באַשלוס וועגן „איין אַרבעטער אָרגאַניזאַציע“. ה׳ גראָסמאַן האָט נישט געזאָגט דעם אמת. און ער האָט געזאָגט נישט־אמת גאַנץ באַוואוסטזיניק, וואָרום ער האָט געהאַט דעם קאָנגרעס־פּראָטאָקאָל. דער קאָנגרעס־באַשלוס זאָגט, אַז עס דאַרף עקזיסטירן איין אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע און כל־זמן עס זיינען פאַראַן נאָך אָרגאַניזאַציעס — אויסער דער הסתדרות — דאַרף מען שליסן מיט זיי אָפּמאַכן, ווי עס איז געטהון געוואָרן מיטן „הפועל המזרחי“. אונזער פאָרשלאָג איז, בכן, געווען אין איינקלאַנג מיט די קאָנגרעס־באַשלוסן.

ה׳ גראָסמאַן, וועלכער נעמט זיך אָן די קריוודע פון קאָנגרעס־באַשלוס מכוח איין אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, האָט געמאָלדן, אַז ער וועט נישט פאָלגן דעם באַשלוס און וועט גרינדן אַ גראָסמאַניסטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. אָבער ער האָט תיכף פאַרגעסן, וואָס ער האָט געזאָגט און ערקלערט, אַז ער איז קעגן דער אָרגאַניזירונג פון די אַרבעטס־אינטערעסן דורך די אַרבעטער און ער פאָרלאַנגט אַ נאַציאָנאַלע אַרבעטער־אָרגאַניזירונג, מיט דער קאָמפּעטענץ פון נאַציאָנאַלער מאַכט. וואָס איז דער פּשט פון אַזאַ נאַציאָנאַלע מאַכט, וועלכע פאַרפליכטעט נישט דעם ה׳ גראָסמאַן? פאַרמאָגט דען ה׳ גראָסמאַן עפּעס אַ נאַציאָנאַלע מאַכט, אַחוץ דעם ציוניסטישן קאָנגרעס? דער קאָנגרעס האָט פאַרפליכטעט אַלע ציוניסטן איינצוהאַלטן א י י ן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, און ווער עס פאָלגט נישט דעם באַשלוס, האָט קיין רעכט נישט צו רעדן וועגן נאַציאָנאַלער מאַכט און אַרבעטס־ענינים. די נאַציאָנאַלע מאַכט פאַרלאַנגט איין אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע פון די אידישע אַרבעטער; און די דאָזיקע נאַציאָנאַלע מאַכט זאָגט אויך, אַז אויב עס זיינען פאַראַן אַרבעטער, וואָס צוליב די אָדער אַנדערע טעמים געהערן זיי נישט צו דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע, — דאַרף מען מיט זיי שליסן אַ אָפּמאַך וועגן א גערעכטער אַרבעטס־פאַרטיילונג, וועגן גלייכהייט ביים נעמען אַרבעט און וועגן איינשטעלן געהעריקע אַרבעטס־באַדינגונגען. דער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט דייטלעך פאַראורטיילט שטרייק־ברעכער און האָט איינגעזען אין שטרייקברעכעריי אַ שאָדן און א געפאַר פאַרן ציוניסטישן ווערק און אַ שווערע פאַרלעצונג פון דער נאַציאָנאַלער דיסציפּלין און פון די עטישע פאָדערונגען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אָט דאָס אָפּצוהיטן איז אויסן געווען דער לאָנדאָנער פּראָיעקט פונם הסכם.

## ג. די קאָמפּעטענצן פון נאַציאָנאַלער מאַכט

פאַרוואָס איז דער פאָרשלאָג נישט געקומען מצד דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע? ווייל דאָס געהערט נישט צו איר קאָמפּעטענץ. כל זמן

די ציוניסטישע עקזעקוטיווע פאַרמאָגט נישט קיין קאָמפּעטענץ צו באַפעלן לויט איר איינזען איבער דעם אידישן קאַפּיטאַל, האָט זי אויך נישט קיין קאָמפּעטענץ צו באַפעלן לויט איר איינזען איבער דער אידישער אַרבעט.

איך געהער צו דעם ציוניסטישן לאַגער, וואָס האַלט פון דער מאַקסימאַלסטער אומבאַגרעניצטער און באַדינגונגסלאָזער נאַציאָנאַלער מאַכט און קאָמפּעטענץ: נאַציאָנאַלע מאַכט איבער דער אַרבעט, נאַציאָנאַלע מאַכט איבער דעם קאַפּיטאַל, אַפילו נאַציאָנאַלע מאַכט איבערן לעבן, אָפּהיטנדיק, נאַטירלעך, די פרייהייט פון פערזאָן און דעם ווערט פון מענטשלעכן לעבן. אַזאַ נאַציאָנאַלע מאַכט רופט מען סאָציאַליזם. מיינע חברים און איך זיינען גרייט אָנצונעמען אָט די נאַציאָנאַלע מאַכט. איך קעמף דערפאַר, דאָס געהערט צו די עיקרים פון אונזער ענדציל: שאַפן אַ נאַציאָנאַלע מאַכט פון אידישן פאָלק אין ארץ־ישראל איבער אַלע זיינע יחידים, איבער זיין גאַנץ פאַרמעגן, איבער זיין גאַנצער אַרבעטס־סיסטעם. דידאָזיקע נאַציאָנאַלע מאַכט וועט געשאַפן ווערן. דאָס איז דער צוועק פון דער אידישער מדינה, אז דאס אידישע פאָלק זאָל געוועלטיקן איבער די אינטערעסן פון יחיד, און נישט די יחידישע אינטערעסן זאָלן געוועלטיקן איבערן פאָלק. אבער די ציוניסטישע אָרגאַניזאציע האָט נאָך נישט באַקומען די דאָזיקע קאָמפּעטענץ.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאציע באַטראַכט זיך שוין אלס וויכטיקן כוח, זי פאַרמאָגט א סך קאָמפּעטענצן, אבער זי נעמט זיך נישט קיין אויסגעטראַכטע קאָמפּעטענצן, זי וויל נישט זיין קיין פורים־מלך, וואָס טוט זיך אָן אַ פּאַפּירענע קרוין און מיינט, אַז ער איז טאַקע קייזער. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע שפּילט נישט קיין פּאַיאַצן־שפּיל. זי ווייסט, אז ביי היינטיקן טאָג פאַרמאָגט זי נישט אַזעלכע קאָמפּעטענצן און זי מאָנט עס נישט. זי האָט נאָך נישט קיין דעה איבער דער אַרבעט פון מענטשן, פונקט ווי זי האָט נאָך ניט קיין דעה איבער דעם קאַפּיטאַל פון מענטשן. די ארבעטס־אָרגאַניזירונג פון די ארבעטער און די איינשטעלונג פון זייערע אינערלעכע, קעגנזייטיקע באַציאונגען איז דעריבער א ענין פון די ארבעטער גופא. די ציוניסטישע עקזעקוטיווע האָט אויסגעדריקט א וואונש, — דאָס זעלבע האָט אויך געטהון דער ציוניסטישער קאָנגרעס, — די באַציאונגען זאָלן זיין אַנשטענדיקע, חברשע. אינם ערשטן אָפּמאַך פון דער עקזעקוטיווע איז פאַראַן אַ פונקט וועגן דעם. דער אָפּמאַך פאַרפליכטעט אַלע ציוניסטישע פאַרטייען, און אויך די רעוויזיאָניסטן, איינצושטעלן חברשע באַציאונגען צווישן די אַרבעטער, אַ גערעכטע ארבעטס־פאַרטיילונג און אָפּהיטן געהעריקע אַרבעטס באַדינגונגען. און כל־זמן קיין צד האָט נישט צוריקגעצויגן זיין אונטערשריפט, איז דער פונקט גילטיק און פאַרפליכטעט.

## ד. דער טעות פון אָפּוואַרפן דעם הסכם

ווי אזוי אָבער דער דערמאָנטער הסכם זאָל צושטאַנדקומען — דאָס געהערט שוין צו די ארבעטער. אלס איינער פון די ארבעטער האָב איך צוגעגרייט אַ פּראָיעקט פון הסכם, נישט אין נאָמען פון די אַרבעטער, נאָר כדי אים זיי פאָרצולייגן, זיי זאָלן אים באַשטעטיקן. אייניקע פון מיינע חברים, און גראָד פון די קעגנער פון הסכם, האָבן געהאַלטן, אַז מיין אונטערשריפט פאַרפליכטעט. איך האָב מינדלעך און אויך שריפטלעך ערקלערט, אַז דער דאָזיקער אונטערשריפט מיינער פאַרפליכטעט נישט; מיין פאָרשלאַג דאַרף מען באַהאַנדלען אין תוך אַריין, און אויב ער וועט אינהאַלטלעך פאַרפליכטן — דאַרף מען אים אָננעמען. מיין אויפגאַבע איז געווען צו דערווייזן, אַז דער הסכם איז נויטיק און נוצלעך סיי פאַר די חברים פון דער הסתדרות און סיי פאַר די ביתרישע אַרבעטער. איר ווייסט אַז ס׳איז פאָרגעקומען אַ גרויסער, עפנטלעכער וויכוח אין דער הסתדרות. מיין פאָרשלאַג איז געשטעלט געוואָרן צו אַ רעפערענדום און ער איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט אַ גרויסער מערהייט פון דריי קעגן צוויי.

איך באַדויער דאָס אָפּוואַרפן דעם הסכם און גלייכצייטיק שטאָלציר איך דערמיט. איך וועל אייך זאָגן פאַרוואָס.

איך מיין, אַז מיינע חברים זיינען באַגאַנגען אַ פעלער, אַ שווערן פעלער אַ פעלער נישט לגבי דער ציוניסטישער באַוועגונג, נישט לגבי דעם אידישן פאָלק. זיי זיינען באַגאַנגען אַ פעלער לגבי זיך אַליין, לגבי דער פראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, לגבי דער פאַרזיכערונג פון שטרייק־רעכט, לגבי דער פאַרפעסטיקונג פון דער אַרבעטער־איינהייט אין ארץ־ישראל. איך פאַרשטיי די סיבות פון דעם באגאנגענעם פעלער. פאראן אַ ביטערע, און נישט ווייטע, פארגאנגענהייט, פאראן נאָך אַ ביטערע קעגנווארט און ס׳איז פאראן א פסול׳ע אידעאָלאָגיע, וואָס קומט פון פרעמדע, אומריינע קוועלן, פון אַנטי־אידישע קוועלן. עס זיינען פאָרגעקומען שלעכטע, שעדלעכע און געפערלעכע זאַכן, ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ ווילדע העצע, עס זיינען געווען שווערע פראָוואָקאַציעס, ס׳איז געווען אַ ווילן צו „ברעכן״, און עס זיינען געווען נאָך זאַכן, וועגן וועלכע איך וויל איצט נישט רעדן. אַזעלכע זאַכן פאַרגעסן זיך נישט און ס׳איז דעריבער נישט געווען קיין צוטרוי צום צווייטן צד.

אָבער דאָס אָפּוואַרפן איז געווען אַ פעלער. וואָרום דער פּראָיעקט פון הסכם האָט, ווי ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך דר. האָפמאַן אין נאָמען פון די רעוויזיאָניסטן, אָנערקענט דאָס שטרייק־רעכט. די פּאַרטיי, וועלכע האָט ביז איצט געשאַפן דעם איינדרוק, ווי זי וואָלט געווען קעגן עצם שטרייק־רעכט, ווי זי וואָלט באַטראַכט שטרייק אַלס נאַציאָנאַל פאַרברעכן, — כאָטש אירע מיטגלידער פלעגן נאָך פאַרן הסכם־פּראָיעקט מאַכן שטרייקן, אָפט שאַרפערע פון דער

הסתדרות, — דידאָזיקע פּאַרטיי האָט דורכן דערמאָנטן פּראָיעקט פּראָקלאַמירט, אַז מען מעג שטרייקן. אין דער־אָ פּאַרטיי איז פאַראַן אַ אינסטאַנץ, וואָס מען רופט „פירער“, — און דער פירער האָט אונטערגעשריבן, אַז עס עקזיסטירט שטרייק־רעכט, נאָכמער, אַז עס עקזיסטירט אַ סאָלידאַריטעטס־פליכט בעת א שטרייק; ער האָט אונטערגעשריבן א אָפּמאַך־פּראָיעקט וואָס פאַרפליכטעט זיינע חברים אַרבעטער צוצושטיין צום שטרייק.

דער פּראָיעקט האָט אנטהאַלטן אויך א געוויסע איינשרענקונג. די מינדער־הייט האָט באַקומען ספּעציעלע פּריווילעגיעס. איך האָב אין דער הינזיכט נאָכ־געגעבן דעם רעוויזיאָניסטישן אַרבעטער. מיינע חברים האָבן איבערגעטריבן אין דער פּראַקטישער באַדייטונג פון מיין נאָכגעבן. זיי האָבן מורא געהאַט, די מינדערהייט זאָל דערמיט נישט מיסברויכן. איך האלט עס פאַר אַ פעלער, ווייל איך גלויב אין דעם אַרבעטנדן מענטש, צי ער איז אין דער הסתדרות, צי ער איז אַ רעוויזיאָניסט. איך גלויב אין יעדן ארבעטענדן מענטש. מיך אינטערעסירט נישט אזוי וואָס ער טראַכט, וואָס ער זאָגט — מיך אינטערעסירט, וואָס ער טוט. פאַר מיר איז אַנטשיידענד דער פאַקט, וואָס ער לעבט פון ארבעט, וואָס ער איז אַ האָראָפּאַשניק. איך גלויב אינם אַרבעטנדיקן מענטש מער, ווי די קעגנער פון מיין פּראָיעקט. איך קען דעם אַרבעטער נישט פון היינט, און באַזונדערס גלויב איך אינם ארבעטנדיקן איד, און גאָר באזונדערס אינם ארבעטנדיקן איד אין ארץ־ישראל. וואָרום ס׳איז נישט גרינג צו זיין אַ אַרבעטער, גאָר נישט גרינג איז צו זיין אַ אידישער אַרבעטער, און אוודאי נישט גרינג איז צו זיין אַ ארץ־ישראלדיקער אידישער ארבעטער. און ווען עמיצער, וואָס האָט קיינמאָל נישט געאַרבעט איז געוואָרן אַן אַרבעטער און איז געקומען קיין ארץ־ישראל כדי צו זיין א ארבעטער, — איז א סימן, אז ער טראָגט אין זיך גרויסע פּאָטענצן, וועלכע וועלן זיך נאָך אַנטפּלעקן. מען דאַרף מיטהעלפן די אַנטפּלעקונגען און גלויבן אין זיי. איך גלויב אין זיי און האָב קיין מורא נישט פאר די רייד און אידעאָלאָגיע פון די רעוויזיאָניסטישע ארבעטער. דאָס וועט פאַרשווינדן. די רייד זייערע וואָרצלען אין דער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע וועט שוין נישט צוריקקומען. און איך אורטייל וועגן אַ מענטשן נישט לויט זיין פאַרגאַנגענ־הייט — איך זע אים אין ליכט פון אַ צוקונפט. פאר מיר איז קלאָר, אַז די צוקונפט פון רעוויזיאָניסטישן אַרבעטער — אויב ער וועט נאָר פאַרבלייבן אַרבעטער — איז די זעלבע וואָס פון אידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל בכלל; פריער אָדער שפּעטער וועט ער געפינען זיין ריכטיקן וועג אין דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער באַוועגונג. וואָרום אויך דער רעוויזיאָניסטישער אַרבעטער איז געטריי זיין מיסיע, כאָטש ביים איצ־טיקן מאָמענט פאַרשטייט ער זי נאָך נישט ווי געהעריק. ביי מיינע חברים, די קעגנער פון הסכם, איז דער גלויבן נישט געווען אַזוי

שטאַרק און זיי זיינען באַגאַנגען אַ פעלער. איך גלויב אויך אינם כוח פון אונזער הסתדרות מער ווי יענע חברים. איך האָב געגלויבט אין דער הסתדרות, בעת זי האָט נאָך נישט עקזיסטירט, איך האָב אין איר געגלויבט, בעת זי איז נאָך געווען יונג און קליין און, פאַרשטייט זיך, אז איך גלויב אין איר נישט ווייניקער איצט, ווען זי איז גרויס און שטאַרק. איך האָב נישט געהאַט די שרעק, וואָס מיינע חברים, די קעגנער פון הסכם, אבער זיי האָבן די שרעק נישט אויסגעטראַכט פון קאָפּ. ס'איז געווען אַ גרונט, אַ ביטערער גרונט פאַר דער שרעק. זיי האָבן נאָר איבערגעטריבן די שרעק, ווייל זיי האָבן נישט געזען אין דער געהעריקער מאָס די גרויסע קראַפט פון דער הסתדרות. און זיי האָבן באַגאַנגען אַ פעלער אָפּוואַרפנדיק דעם פּראָיעקט.

## ה. וואָס איז יאָ און וואָס איז נישט אָפּגעוואָרפן געוואָרן?

עס איז אָבער אַ פאַרקריפּלונג פונם אמת, ווען מען זאָגט, אַז די הסתדרות וויל נישט שליסן קיין אָפּמאַך מיט די רעוויזיאָניסטישע אַרבעטער. די הסתדרות האָט אָפּגעוואָרפן דעם נוסח, וועלכן זשאַבאָטינסקי און איך האָבן פאַרגע־לייגט, אָבער זי וואַרפט נישט אָפּ אַ עצם אָפּמאַך. די הסתדרות האַלט פון אַ אַרבעטס־אָפּמאַך מיט רעוויזיאָניסטישע אַרבעטער, זי האָט זיך פאַרפליכטעט דערצו נאָך איידער דער קאָנגרעס האָט זי דערצו פאַרפליכטעט. און די זעלבע חברים, וואָס האָבן אויף אונזער פאָרשלאַג געזאָגט „ניין" האָבן נאָך פאַרן רעפערענדום איינשטימיק געזאָגט „יאָ", אויף אַ אָפּמאַך מיט די רע־וויזיאָניסטישע אַרבעטער, און אויף צומאָרגנס נאָכן רעפערענדום איז די הסתדרות געקומען מיט אַ נייעם אָפּמאַך־פּראָיעקט — וועלכער איז לויט מיין מיינונג ערגער פונם פריערדיקן, ווייל ער אַנטהאַלט נישט קיין בפירושע אָנער־קענונג פון שטרייק־רעכט — און איך האָף, אַז דער צווייטער צד וועט אים אָננעמען אָדער, לכל הפחות פאַרהאַנדלען וועגן אים, ווייל דאָס איז נישט קיין אולטימאַטיווער פאָרשלאַג. און ס'האָט מיר הנאה געטהון צו הערן פון דר. האָפמאַן, אַז דער הסכם צווישן דער הסתדרות און די רעוויזיאָניסטישע אַרבעטער וועט צושטאַנדקומען. איך באַדויער אָבער דאָס צייטווייליקע אָפּוואַרפן.

## ו. געווויסן־פרייהייט אין דער הסתדרות

ווי געזאָגט, שטאָלציר איך גלייכצייטיק מיטן אָפּוואַרפן דעם הסכם. איך שטאָלציר מיט דער באַוועגונג, וועלכע פאַרמאָגט דיסקוסיע־פרייהייט, איבער־לייגונגס־קראַפט און פרייען געוויסן. איך שטאָלציר מיט דער באַוועגונג, וועלכע איז נישט אונטערגעוואָרפן קיין שום דיקטאַטור און באַפעלן פון

פירערס און זי באַטראַכט יעדן ענין אין תוך אַריין, נישט מורא האָבנדיק פאַרן „למה יאמרו״.

דער ויכוח, וועלכער איז פאָרגעקומען אין דער הסתדרות ארום דעם פּראָיעקט פון הסכם, פארשאפט כבוד און שטאָלץ די ארץ־ישראלדיקע אר־בעטער. ווייניק וויכוחים אין דער ארבעטער־באַוועגונג צערשטורמען אזוי די געמיטער. עס האָט אָנגערירט די טיפסטע טיפעניש אין דער נשמה פון דער באַוועגונג. איך ווייס נישט דערביי פון נאָך אַ ענלעכן וויכוח אין קיין שום פארטיי, וועלכער זאָל געהאַלטן ווערן אין אַזאַ חברשן סטיל און אויף אַזאַ קולטורעלער הויך. בעת דעם דאָזיקן ויכוח האָט זיך ארויסגעוויזן אַ גרויסע מאָראלישע קראַפט. יעדערער איז געבליבן טריי זיין געוויסן. די ארבעטערשאפט אין ארץ־ישראל איז נישט קיין סטאַדע, זי גייט נישט נאָך מיט פארמאכטע אויגן נאָך וועמענס־עס־איז באפעלן.

## ז. ווער זיינען די קעגנער פון הסכם?

צווישן די ניין־זאָגער אין דער הסתדרות זיינען, פונקט ווי צווישן די יאָ־זאָגער, פאַראַן חברים פון אַלע קרייזן און פון פאַרשידענעם עלטער. איך בין נישט אינגאַנצן איינשטימיק מיט אוסישקינען, וועלכער זאָגט, אַז די יונגע דאַרפן תמיד פאָלגן די אַלטע. די יונגע דאַרפן זיך צוהערן צו דעם, וואָס די אַלטע זאָגן, זיי דאַרפן לערנען פון זייער רייכער דערפאַרונג, אָבער זיי דאַרפן האַנדלען לויט זייער אייגענער איבערצייגונג. די אַלטע האָבן די מעלה פון אַ גרויסער לעבנס־דערפאַרונג, אָבער ס׳איז אָפט פאַראַן אַ פאַרגליווערטע דערפאַ־רונג, און דאָס לעבן שטייט נישט אויף איין אָרט. אין אַ פאַרמעסט פון יונגע איז אַמאָל דאָ מער חכמה ווי אין דער גאַנצער קאָנסערווירטער תורה פון די אַלטע. און איך האָב זיך געפרייט זעענדיק ווי אינגערע חברים פון מיר שטימען קעגן מיין מיינונג. אָבער צווישן די קעגנער זיינען אויך געווען אַלטע חברים, וועטעראַנען פון דער באַוועגונג. צווישן די ניין־זאָגער איז געווען אַ מענטש ווי יצחק טאַבענקין, צווישן די אָפּוואָרפער איז געווען שמואל העפטער, איינער פון די גרינדער פון „השומר״ און פון אונזערע ערשטע ערד־אַרבעטער אין ארץ־ישראל. עס זיינען געווען צווישן זיי חברים פון די מושבים און קבוצות, עס זיינען אויך געווען פון די בעסטע פראָפעסיאָנעלע טוער אין שטאָט און אין דאָרף. צווישן די קעגנער זיינען געווען די מענטשן פון „השומר־הצעיר״, וואָס ה׳ שמאַראַק פון לעמבערג פרווט פסלנען זייער ציוניזם. — דער השומר הצעיר האָט געראַטעוועט דאָס בעסטע פון דער אידישער יוגנט פון אַסימילאַציע אונטערגאַנג; ער האָט זיי געראַטעוועט פון דער ערגסטער אַסי־מילאַציע, — פון דער רויטער אַסימילאַציע, וועלכער האָט זיך צעהוליעט אויף

דער אידישער גאַס נאָך דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע; דער השומר הצעיר האָט געהאַט די קראַפט נאָך אין גלות אויפצולעבן די העברעאישע שפּראַך, בעת פאַר אלע איבעריקע ציוניסטן און זייערע פארשידענע פאַרטייען איז, טראָץ אלע פּראָקלאַמירונגען, געווען פרעמד דאס העברעאיש־רעדן. דער השומר־הצעיר האָט געהאָלפן שאַפן די חלוצישע באוועגונג, ער האָט מיט אונז מיטגעמאַכט דעם שווערן קאַמף פון כיבוש העבודה אין די קאָלאָניעס, ער האָט אויפגעבויט קאָלאָניזאַציע־ווערק אין לאַנד. די מענטשן פון השומר־הצעיר האָבן געטריי דורכגעפירט דעם פּרינציפּ פון ציוניסטישער זעלבסט־פאַרווירקלעכונג, — אין זייער ציוניזם ווילט איר געפונען א פגם, זייער ציוניזם ווילט איר פסלנען?

די מערהייט פון די ניין־זאָגער איז באַשטאַנען פון אַלטע און יונגע, פון שטאָטישע און דאָרפישע אַרבעטער — אָבער נישט פון אַנטי־ציוניסטן, ווי עס האָט אויף זיי געמאַכט אַ בילבול ה' שעכטמאַן. איך קען אביסל די ציוניסטישע באַוועגונג און אלע אירע פאַרטייען, און איך קען נישט קיין בעסערע און געטרייערע ציוניסטן פון די, וואָס געפינען זיך צווישן די ניין־זאָגער.

## ת. די פּאַרייניקונגס־עטאַפּן אין דער ארבעטערשאפט

דער ויכוח, וואָס איז איצט פאָרגעקומען אין דער הסתדרות איז נישט קיין נייער. אויך דער פּרוּוו פון אַ הסכם איז נישט ניי. נאָך אין די טעג פונם מאָרד־פּראָצעס האָבן אונזערע חברים אין כפר־סבא געפירט אונטערהאַנד־לונגען מיט דער דאָרטיקער פלוגה פון בית״ר, — מיט צבי ראָזענבלאַטס פלוגה, — וועגן א ארבעטס־הסכם. דער אָפּמאַך איז שוין געהאַט אָפּגע־שלאָסן געוואָרן, נאָר די בית״רים האָבן באקומען א באפעל פון אַויבן איבער־צורייסן די פאַרהאַנדלונגען. איך אָבער פארליר נישט די האָפנונג אין אַ הסכם. איך גלויב אין אונזערע חברים און איך גלויב אין די רעוויזיאָ־ניסטישע ארבעטער. איך האָב שטענדיק באַטראַכט דעם רעוויזיאָניסטישן ארבעטער אַלס ארבעטס־חבר, און די אנשטרענגונגען צו שאַפן אייניקייט צווישן די ארבעטער וועלן נישט אויפהערן. דידאָזיקע באַמיאונגען זיינען נישט ניי און נישט גרינג. ס'איז געווען א צייט, ווען אַסך פון מיינע חברים אין פועלי־ציון האָבן זיך נישט געוואָלט פאַראייניקן מיט יצחק טאַבענקינען און מיט בערל קאַצענעלסאָן, וועלכע זיינען געווען אומפּאַרטייאיש. עס איז ביי אונז פאָרגעקומען א גרויסער ויכוח ביז ס'איז געשאַפן געוואָרן „אחדות העבודה". געווען א צייט, ווען א סך חברים פון „אחדות העבודה" האָבן זיך נישט געוואָלט פאַראייניקן מיט שפּרינצאַקן און אַראָנאָוויטשן, ווייל זיי האָבן

נישט געגלויבט אין זייער סאָציאַליזם. און שפּרינצאַק און אַראַנאָוויטש האָבן זיך נישט געוואָלט פאַרייניקן מיט אונז, ווייל זיי האָבן נישט געגלויבט אין אונזער ציוניזם און העברעאיזם. זיי האָבן נישט געגלויבט אין ציוניזם פון די גרינדער פונם „השומר“, פון די שעפער פון אידישן לעגיאָן, פון די פּיאָנערן פון דער העברעאישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור. געוועזן אַ צייט ווען לאָקער האָט זיך נישט געוואָלט פאַרייניקן מיט מערעמינסקין, ווייל זיין סאָציאַליזם איז ביי אים געווען פּסול. במשך יאָרן האָט זיך געצויגן אַ וויכוח אַרום דעם, און צום סוף האָבן זיי זיך פאַרייניקט. דאַן איז ווידער געקומען אַ צייט, ווען זיי ביידע האָבן זיך נישט געקאָנט פאַרייניקן מיט העלמאַנען און טאַרטאַקאָווערן, ווייל די „התאחדות“ איז געווען ביי זיי פּסול. און ווידער האָט זיך עטלעכע יאָר געצויגן אַ וויכוח — און מען האָט זיך פאַרייניקט.

אין דער פאַרייניקונג פון דער ארבעטער־באַוועגונג אין ציוניזם זיינען געווען אַ סך עטאַפּן, און זיי זיינען נאָך נישט פאַרענדיקט. דער וויכוח אַרום דעם לאָנדאָנער אָפּמאַך איז געווען אַ נייער עטאַפּ. און פּונקט ווי איך האָב געגלויבט אין אַלע פאַרייניקונגען, — אַ צייט לאַנג איידער זיי זיינען צושטאַנדגעקומען, — אַזוי גלויב איך אין אַ פאַרייניקונג מיט די רעוויזיאָניסטישע ארבעטער. פריער וועט קומען א הסכם, דערנאָך וועט קומען צו איין הסתדרות. און אויך דאַן וועט דער וויכוח נישט זיין פאַרענדיקט. עס וועלן דאַן זיין אנדערע ארבעטער־גרופּעס. די התאחדות־האכרים פּרוּווט שוין איצט צו שאַפן אַ נייעם אַרבעטער־פאַריין. דער בית״ר איז שוין פאַר זיי נישט כשר און אומזיכער. די בית״רים האָבן זיך שוין געלאָזט אַרעסטירן אין קאַמף פאַר אידישער אַרבעט. עס וועלן זיך געפינען אַרבעטער — באַקוועמערע און מער־אונטערטעניקע. אָבער ס׳מאַכט נישט אויס, מיר וועלן געפינען אַ וועג אויך צו יענע אַרבעטער. און דאָס דאַרף וויסן די גאַנצע ציוניסטישע באַוועגונג. די אַרבעטער־אייניקייט איז נישט בלויז קיין קלאַסן־ענין. עס איז אַ ציוניסטישע באַדערפעניש, אַ ציוניסטישע נויטווענדיקייט, — און זי וועט דורכגעפירט ווערן.

פון זינט איך בין געוואָרן אַ ארבעטער אין ארץ־ישראל האָב איך געגלויבט אין אָט דער אייניקייט, טראָץ אַלע אונטערשידן, וואָס האָבן עקזיסטירט צווישן אונז, וואָרום איך האָב געגלויבט אין דער שיקזאַל־אייניקייט פון אידישן אַרבעטער און אין דער אייניקייט פון זיין היסטאָרישער מיסיע. איך האָב מיך דעריבער נישט געשראָקן פאַר די חילוקי־דעות צווישן פּועלי־ציון און הפּועל־הצעיר, צווישן אחדות־העבודה און התאחדות, צווישן צ.ס. און השומר הצעיר, צווישן דער הסתדרות און בית״ר.

## ט. די ציוניסטישע איינִיקייט און אירע באדינגונגען

און פונקט ווי איך האָב געגלויבט אין ארבעטער־איינִיקייט אזוי גלויב איך אין ציוניסטישער איינִיקייט. איך גלויב אין ציוניסטישער איינִיקייט, נישט אויסמיידנדיק צו זען די חילוקי דעות צווישן דער ארבעטערשאַפט, איך האָב זיי נישט גרינג־געשעצט, און איך האָב נאָך קיינמאָל נישט מוותר געווען אויף מיינע איבערצייגונגען צוליב דער איינִיקייט.

אָבער איינזעענדיק אלע מיינונגס־אונטערשידן, אלע אידעאָלאָגישע ווידער־שפּרוכן און אינטערעסן־קעגנזאצן גלויב איך אין א ציוניסטישער איינִיקייט, אין א ברייטער און פולער איינִיקייט. איך בין אויסן א איינִיקייט נישט בלויז פון די ציוניסטישע פארטייען, איך גלויב אין א ציוניסטישער איינִיקייט פון גאנצן אידישן פאָלק. איך גלויב, אז מיר שטייען אויף דער שוועל פון א נייער תקופה, אין וועלכער די ציוניסטישע באוועגונג וועט פאראייניקן דאָס גאנצע אידישע פאָלק, אלע זיינע פארטייען און קלאסן, אונטער דער ציוניסטישער פאָן.

און ווייל איך גלויב אזוי אין דערדאָזיקער ציוניסטישער איינִיקייט, ווייל איך באַטראַכט די ציוניסטישע איינִיקייט אַלס לעבנס־באַדערפניש אין דער נייער תקופה, אין וועלכער מיר געפינען זיך, — דעריבער האלט איך פאר א חוב קלאָר צו מאכן און אונטערצושיידן צווישן אמתער און פאלשער איינִיקייט. לאָמיר נישט באנוצן פאלש די ווערטער: איינִיקייט און שלום.

איינִיקייט און שלום זיינען נישט קיין ציל פאר זיך. זיי זיינען א מיטל צו עפּעס. צו וואָס? וויל איך זאָגן זייער קלאָר און דייטלעך: אויב איינִיקייט כדי צו ליקווידירן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אויב איינִיקייט כדי צו צעשטערן די פּאָליטישע און די אָרגאַניזאַציאָנעלע באַדייטונג פון ציוניסטישן קאָנגרעס, אויב איינִיקייט כדי אונטערצוגראָבן די פּאָליטישע פאר־טרעטערשאפט פון אידישן פאָלק, אויב איינִיקייט כדי צו מאכן פּאָליטישע אוואנטורעס, אומבייטן די מאנדאט־מאכט און דערלאנגען שטערערישע פּע־טיציעס אין גענף, אויב איינִיקייט כדי צו צעברעכן קרן־קימת־פּושקעס, אויב איינִיקייט כדי צו באפאלן קרן־היסוד־שליחים, אויב איינִיקייט כדי כוליגאניש צו דערציען די אידישע יוגנט, אויב איינִיקייט כדי אויפצורייסן די פאר־אייניקטע כנסת־ישראל, אויב איינִיקייט כדי צו האקן שויבן אין ועד הלאומי, אויב איינִיקייט צוליב שטרייקברעכעריי און טעראָר, אויב איינִיקייט כדי צו גלאָריפיצירן סטאַווסקין, אויב איינִיקייט כדי צו ברעכן די ארבעטער־הסתדרות, אויב איינִיקייט כדי איינצואָרדנען פּראָוואָקאַציע־צוגן ביים כותל־מערבי, אויב איינִיקייט כדי צו פארשוועכן די הייליקע נעמען תל־חי און יוסף טרומפּעלדאָר, אויב איינִיקייט צוליב שלום־מאַנעווערן, אויב איינִיקייט

כדי צו גנבענען דאָקומענטן ביי אנדערע פארטייען, — וועל איך קעמפן מיט אלע מיינע כוחות קעגן אזא איניקייט.

אָבער אויב די אייניקייט זאָל קומען כדי צו שאַפן אַ גרויסן ציוניסטישן כוח, כדי אויפצושטעלן א ציוניסטישע מאכט אין ארץ־ישראל און אין גלות, כדי צו פארשטארקן דעם איינפלוס און די מיטלען פון דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע, כדי צו הויבן דעם אָנזען פון ציוניסטישן קאָנגרעס און פון דער פּאָליטישער פארטרעטערשאפט, וואָס ווערט דורכן קאָנגרעס גע־ווילט; אויב די אייניקייט זאָל ווען מאָביליזירן און אקטיוויזירן דאָס אידישע פאָלק פאר דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע, אויב אייניקייט כדי צו פארגרעסערן די קאָמפּעטענץ און אָרגאניזאציע־קראפט פון דער כנסת־ישראל, אויב אייניקייט צוליב אויפריכטיקן קאַמף פאר אידישער ארבעט, אויב אייניקייט כדי צו פארפעסטיקן די אָרגאניזאציע פון ארבעטער און אָפּהיטן איר גאנצקייט, אויב אייניקייט כדי צו שיצן די רעכט פונם ארבעטער אין דער ווירטשאפט, אין ישוב, אין לאנד און אין ציוניזם, אויב אייניקייט כדי צו פארשנעלערן דעם פּראָצעס פון באָדן־אויסלייזונג און לאנד־אויפבוי, אויב אייניקייט כדי צו שטארקן דעם ציוניזם כלפי־חוץ, לגבי דער מאנדאט־מאַכט און דעם אראבישן פאָלק — אזא אייניקייט איז געוואונשן, זי וועט געשאפן ווערן און קיינער וועט נישט וואַגן צו שטערן איר דורכפירונג.

שלום איז קיין ציל נישט און מלחמה איז קיין ציל נישט. דער ציל איז — די פארווירקלעכונג פון ציוניזם. און אויב די ציוניסטישע פאר־ווירקלעכונג וועט פארלאנגען און עס וועט נויטיק זיין קאמף — וועלן מיר קעמפן און מיר וועלן אין ד ע ם קאמף ארייגווארפן אונזער גאנצע התלהבות און ענערגיע. מיר געפינען זיך אין קאמף־צושטאנד שוין היפשע יאָרן. נאָר אויב די ציוניסטישע פארווירקלעכונג וועט דארפן שלום — וועלן אלע מאכן דעמדאָזאקן שלום. און איצט איז מער ווי ווען עס איז זייער נויטיק שלום — צ י ו נ י ס ט י ש ע ר ש ל ו ם. ס׳איז נויטיק אחדות, אייניקייט — צ י ו נ י ס ט י ש ע א י י נ י ק י י ט. און פאראן בלויז איין סאָרט אייניקייט, וואָס קען ביי אונז געמאָלט זיין. נישט קיין אידעאָלאָגישע אייניקייט — דאָס איז אוממעגלעך. איינע־און־דיזעלבע ווערטער, איינע־און־דיזעלבע געדאַנקען קענען נישט גילטן פאר אלע אידן אומעטום. פאראן קעגנזאצן, אינטערעסן־קעגנזאצן, קולטור־קעגנזאצן, דערציאונגס־קעגנזאצן, טראדיציע־קעגנזאצן. און דאָס אלץ וועט אזוי גיך נישט פארביי. עס איז אבער מעגלעך און נויט־ווענדיק — און איך באטראכט עס אלס דאָס גרויסע געבאָט פון איצטיקן מאָמענט — א א ר ב ע ט ס ־ א י י נ י ק י י ט, א א י י נ י ק י י ט פ ו ן ד ע ר צ י ו נ י ס ט י ש ע ר א ר ב ע ט. אויף אָט דער אייניקייט, און נאָר אויף איר, קען זיך באזירן דער שלום.

## י. וואָס האָט זיך יאָ און וואָס האָט זיך נישט געענדערט?

ה׳ גראָסמאַן האָט געחוזקט איבערן לאַנדאַנער אָפּמאַך און האָט מיט שאַדנ־פרייד געפרעגט: דאָס וואָס איר האָט געזייעט במשך צען יאָר ווילט איר איצט פאַריכטן?

ניין, דאָס וואָס מיר האָבן געזייעט במשך פון צען יאָר דאַרף מען גאַרנישט פאַריכטן. אַלץ וואָס מיר האָבן געזאָגט במשך די צען יאָר — קען איך באַשטעטיקן אויך איצט. איך דאַרף נישט צוריקציִען אפילו קיין איין וואָרט פון דעם אַלעם, וואָס איך אָדער מיינע חברים האָבן געזאָגט. אַלץ וואָס מיר האָבן געזאָגט איז געווען אמת, לויט אונזער איבערצייגונג. מיר האָבן נישט קיין פּרעטענזיע אָדער אַ מאָנאָפּאָל אויף דעם אָביעקטיוון אמת, אָבער מיר האָבן געגלויבט און גלויבן אויך איצט אין דעם וואָס מיר האָבן געזאָגט. און דווקא ווייל מיר האָבן געוואוסט, אַז מיר זיינען גערעכט — האָבן מיינע חברים אין דער עקזעקוטיווע און איך צוזאַמען מיט זיי געוואָלט מאַכן אַ גרויסן פּרווו פון שלום, פון אמתן שלום. מיר זיינען נישט אויסן געווען קיין מאַנעוור און נישט קיין רעוויזיע אין אונזער פּריערדיקער שטעלונג. מיר האָבן אויך נישט געטראַכט, אַז ביים צווייטן צד איז פאָר־געקומען אַ ענדערונג. נישט מיר און נישט אונזערע קעגנער האָבן זיך גע־ענדערט. און פונדעסטוועגן איז דער גרויסער פּרווו געמאַכט געוואָרן — און ער איז נאָך נישט אָפּגעשלאָסן! — ווייל עפּעס האָט זיך יאָ געענדערט, עס האָט זיך געענדערט אַזוינס, וואָס איז וויכטיקער פון געוואוינהייטן און מיינונגען. די דאָזיקע ענדערונג האָט אונדז פאַרפליכטעט צו מאַכן דעם פּרווו.

צוויי זאַכן האָבן זיך געענדערט: די אויסערלעכע פּאָזיציע, די אָב־יעקטיווע סיטואַציע אין דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם, און — די אינער־לעכע סטרוקטור, דער פּערזענלעכער און געזעלשאַפטלעכער צוזאַמענשטעל ביי די פאַרווירקלעכער פון ציוניזם.

## יא. די ענדערונגען אין די פאַרווירקלעכונגס־פאַקטאָרן

ס׳איז פאָרגעקומען אַ ענדערונג אין די פאַקטאָרן פון דער פאַרווירקלעכונג. נישט די ציוניסטישע אידעע איז ניי. נישט דער ציוניסטישער אידעאַל איז ניי. דער דיאַגנאָז, וועלכן דער ציוניזם האָט פעסטגעשטעלט בנוגע דער לאַגע פון אידישן פאָלק און דער פּראָגנאָז צו לעזן די פראַגע — די דאָזיקע גייסטיקע ווערטן עקזיסטירן שוין צענדליקער יאָרן. אָבער במשך די גאַנצע יאָרן זיינען זיי געווען פאַרוויקלט אינעם אַבסטראַקטן געדאַנק, אין די מוחות און הערצער פון איינצלנע דענקער. בלויז ווייטזעענדיקע מענטשן מיט אַ

שארף און דורכדרינגלעך אויג האָבן אין דער כלומרשטער זיכערקייט, אין דער כלומרשטער עקזיסטענץ־מעגלעכקייט געזען דעם אונטערגאנג און חורבן, וואָס לויערן אויף דעם אידישן פאָלק אין די גלות־לענדער. די מאסן פון אידישן פאָלק האָבן עס נישט געזען. די אויסערלעכע וועלט האָט עס נישט געזען. איצטער זעען עס אלע. מען דארף דערצו נישט זיין דווקא קיין ציוניסט, מען דאַרף אַפילו נישט זיין קיין איד דערצו, — דער שרעקלעכער תהום, ביי וועלכן מיר געפינען זיך, איז איצט אָפן פאר דער גאַנצער וועלט. דער אונטערגאַנג, דער חורבן, דער אומקום, וואָס דראָט אונז איצט אין גלות — דער עקאָנאָמישער, קולטורעלער, מענטשלעכער אונטערגאַנג, דער בירגער־לעך־פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער חורבן איז שוין קלאָר פאַר אַלע. די געשיכטע האָט אויף א גרויזאמען אופן באשטעטיקט דעם ציוניסטישן דיאַג־נאָז, ער שטעכט איצט די אויגן, ער רייסט אין הימלען, — איז דען איצט פאראן אפילו א בלינדער, וואָס זאָל נישט זען דאָס אידישע אומגליק?

אויך די לעזונג איז באשטעטיקט געוואָרן. די לעזונג, וואָס איז געגעבן געוואָרן דורך די וויטזעענדיקע, — אמאָל האָט מען זיי גערופן: טרוימער, פאנטאסטן, — ווערט פארווירקלעכט. פריער האָט מען נישט געגלויבט אין איר, מען האָט נישט געגלויבט, אז א קליין און וויסט לאנד, א אָרים און פארלאָזן לאַנד, א לאנד וואָס איז נישט ליידיק און נישט פריי, זאָל ווידער ווערן דאָס היימלאנד פון אידישן פאָלק. נישט בלויז פרעמדע, נישט בלויז קעגנער — אויך ציוניסטן, ציוניסטישע טוער האָבן נישט געגלויבט. והראיה — זיי זיינען ביז איצט פארבליבן אין גלות. אבער דער עצם־ענין איז באשטעטיקט געוואָרן דורך דער געשיכטע. איז איצט שוין נישט נויטיק קיין וויזיע, קיין ווייטזעעוודיקייט — די מעגלעכקייט פון דער לעזונג איז בולט, קלאָר, זי שטעכט ממש די אויגן. עס האָבן זיך אנטפלעקט גרויסע און ברייטע מעג־לעכקייטן, נישט אויף דער צוקונפט נאָר שוין איצט, אין אונזערע טעג. די היס־טאָרישע וויזיע ווערט אַ פאַקט, אַ רעאַליזירבאַרער פאַקט, אַ דינאַמישע ווירק־לעכקייט. דאָס איז די גרויסע, אָביעקטיווע ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער היסטאָרישער פאָזיציע פון דער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג.

## יב. די ענדערונגען אין די פאַרווירקלעכנדע פאקטאָרן

ס איז אויך פאָרגעקומען אַ סוביעקטיווע ענדערונג אינעווייניק, אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אין די כוחות, וואָס פארווירקלעכן. און אויך דאָ איז פאָרגעקומען אַ טאָפּלטע ענדערונג. קודם כל — אַ ביאָלאָגישע. דער קאָנגרעס־ציוניזם איז שוין אַלט ביי פערציק יאָר דער ערשטער דור פון דעם ציוניזם, דער דור, ביי וועלכן עס האָט געהערשט דער ציוניזם אין זיין אידעאַלער

ריינקייט און פרישקייט, — איז שוין כמעט נישטאָ. עס זיינען פאַרבליבן די געציילטע, וועלכע שטייען נאָך אויף דער וואַך קרעפטיק, גלויביק און מונטער. דאָס זיינען יחידי־סגולה. אַ סך פון די, וואָס לעבן נאָך, זיינען אַלט געוואָרן, נישט בלויז פיזיש, נאָר אויך גייסטיק, פסיכיש. אָבער ס'איז אויפגעשטאַנען אַ נייער דור. ער געפינט זיך נאָך נישט אין דעם זאַל, — געציילטע פון אים זיינען פאַרטרעטן אין דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט. אָבער ער איז פאַראַן און ער בילדעט איצט דעם אמתן, לעבעדיקן כוח אין ציוניזם. דער דאָזיקער דור איז נאָך נישט געקומען צום אויסדרוק, אָבער ער איז שוין אַ נייער, באַנייענדער, דינאַמישער פאַקטאָר, און אויף אים וועט זיך באַזירן דער נייער ציוניזם, דער פאַרווירקלעכונגס־ציוניזם.

און אַ צווייטע ענדערונג איז פאָרגעקומען, אַ סאָציאַלע. ס'איז פאָרגעקומען נישט בלויז אַ ציוניסטישער שטאָף־אָפבייט נאָר אויך אַ וואַך־אָפבייט אין ציוניזם. ס'האָט זיך אָנגעזאַמלט און אַרויסגעוואַקסן אַ פאַרווירקלעכנדער כוח, וואָס האָט נאָך צו זיך קיין גלייכן נישט געהאַט.

די אָנהויבער פון ציוניזם זיינען געווען נישט בלויז די, וואָס האָבן *אויסגעטראָגן* דעם *ציוניסטישן געדאַנק*: קאַלישער, העס, פינסקער, הערצל, סירקין, באָראָכאָוו. די אָנהויבער פון ציוניזם זיינען אויך געווען די, וואָס האָבן די ערשטע *פאַרווירקלעכט* די *ציוניסטישע טאַט*. און איך ווייס נאָך נישט וועמענס באַדייטונג איז אַ גרעסערע. צווישן די דאָזיקע אָנהויבער זיינען געווען די ביל"ו־לייט. דאָס איז געווען דער ערשטער חלוצישער אויפשטייג, די ערשטע צוואַנג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן על פי נס. אויף אַ געוויסער צייט האָט זיך דער פּראָצעס דאַן איבערגעריסן, אָפּגעשטעלט. אָבער דער פאַרבאָרגענער קוואַל האָט נישט אויסגעטריקנט. מיט אַ דור שפּעטער האָט ער ווידער אַ שטראָם געטאָן — און פון דעמאָלט אָן שטראָמט ער כסדר, וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער. אין ארץ־ישראל האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ גרויסער חלוצישער כוח, ס'האָט זיך געשאַפן אַ גרויסע אַרמיי פאַרווירקלעכער, וועלכע האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט פּראָגראַמען, מיט רייד, נאָר האָבן זיך אינגאַנצן מיט לייב און לעבן אָפּגעגעבן טאָג און נאַכט צו דינען דעם ציוניסטישן ווערק מיט אַרבעט און שווייס. אַ לאַנגע צייט האָט די ציוניסטישע באַוועגונג נישט פאַרשטאַנען און נישט דערשאַצט דעם דאָזיקן חלוצישן וואונדער. זי האָט נישט געזען, וואָס עס קומט פאָר. איינער פון די ציוניסטישע טוער האָט אַמאָל געפרעגט איינעם פון אָט די חלוצים: „וואָס איז עס אַזוינס חלוצים? איז דען מעגלעך, מענשטן זאָלן זיך אינגאַנצן אָפּגעבן דער פאַרווירקלעכונגס־אַרבעט?“ און דאָס איז געווען אַ סך יאָרן נאָכן קומען פון די חלוצים קיין ארץ־ישראל — אמת, זיי זיינען דאַן געווען ווייניק אין צאָל, בלויז עטלעכע הונדערט. איצטער זיינען זיי צענער־טויזנטער. איין אָרגאַניזאַציע זייערע ציילט איצט זיבעציק טויזנט

מיטגלידער. נישטאָ נאָך אַ ציוניסטישער כוח, וואָס זאָל זיין גלייך צו אים. דאָס איז אַ אנדערער ציוניזם, אַ ציוניזם, וואָס איז אייך אומבאקאנט און וואָס אַ סך פון אייך האָבן נאָך צו אים נישט דערגרייכט אַפילו היינט.

דערדאָזיקער ציוניסטישער כוח האָט זיך אָנגעזאַמלט ביסלעכווייז, — און דאָס איז דאָס גרעסטע פאַרמעגן, וואָס דער ציוניזם פאַרמאָגט. אָט דער כוח האָט זיך שטאַרק אַרויסגעוויזן ביים אַכצנטן קאָנגרעס, — און דאָס איז געווען די היסטאָרישע באַדייטונג פון אַכצנטן קאָנגרעס.

## יג. צוויי אָפּשאַצונגען

מען האָט אויף מיר פאַריבל געהאַט פאַרוואָס איך האָב אין אַ צווישנרוף געזאָגט: הלואי זאָלן זיין אַ סך קאָנגרעסן ווי דער פּראָגער. אויף דער לעצטער זיצונג פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, פאַראַיאָרן, האב איך געזאָגט: די אָביעקטיווע אָפּשאַצונג פון אַכצנטן קאָנגרעס וועט געמאַכט ווערן ערשט אויפן ניינצנטן. איך האָב געוואוסט, אז ס'זיינען פאראן צוויי אָפּשאצונגען. די צוויי אָפּשאצונגען זיינען נוגע נישט בלויז דעם קאָנגרעס, נאָר אלע לעבנס־דערשיינונגען. פאראן מענטשן, וואָס זייער אויער הערט בלויז דעם אויסערלעכן טומל און זייער אויג זעט בלויז דעם אויבערשטן שוים. דער טומל און דער שוים ווערן דורך טעלעגראפן־אגענטורן און פלינק־פּיפּיקע זשורנאליסטן צעטראָגן מיט קידוש־לבנה־אותיות איבער די צייטונגען, וואָס זוכן רייצנדיקן, סענ־סאציאָנעלן, שרייענדיקן מאטעריאל. אבער עס זיינען אויך פאראן אנדערע מענטשן, וואס זייער אויער כאפּט אויף קלאנגען פון דער טיף און דאס אויג זייערס דרינגט אריין אינם תוך פון זאכן, אונטער דער אויסערלעכער שאָל.

נישט דעם טומל און שוים פון לעצטן קאָנגרעס מיין איך, נאָך דעם בענק איך נישט. אבער נישט דאס האט פאָרגעשטעלט מיט זיך די באדייטונג פון קאָנגרעס. דאָס גרויסע און וויכטיקע געשעעניש פון 18־טן קאָנגרעס איז געווען דער אויפקום פון דעם גרויסן חלוצישן כוח פון די פאַרווירקלעכער פון ציוניזם, וואָס אַרום אים האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס בעסטע פון אידישן פאָלק און פון דער אידישער יוגנט. אויף דער איצטיקער זיצונג האָט איר געהערט א באַריכט, — וואָס עס האָט אונז געגעבן דער לעצטער קאָנגרעס וואָס ער האָט במשך פון אָנדערטהאַלבן יאָר נאָך זיין פאָרקומען געגעבן דעם ישוב, דעם ציוניסטישן ווערק, דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אויך בנוגע דערדאזיקער טעטיקייט זיינען פאראן צוויי אָפּשאַצונגען. און ביידע אָפּשאַצונגען זיינען, אַרויסגעזאָגט געוואָרן דורך פאָרשטייער פון איין פּאַרטיי, דורך פאָרשטייער פון די אלגעמיינע ציוניסטן, וועלכע זיינען אין פלוג ענלעך איינער צום אנדערן מיט זייער סאָציאלער פּאָזיציע און געזעלשאפטלעכער דער־

ציאונג: אוסישקין און שמאַראַק. אוסישקין האָט געזאָגט: די איצטיקע עקזע־קוטיווע איז די בעסטע פון די, וואָס מיר האָבן געהאַט די לעצטע יאָרן. שמאַראַק האָט געזאָגט: עס איז די ערגסטע עקזעקוטיווע אין די לעצטע יאָרן. אוסישקין האָט אָפּגעשאַצט בלויז די עקזעקוטיווע און נישט זיך, זיין אָמתדיקייט, זיין אָביעקטיוויקייט. וואָס ער האָט געזאָגט און וואָס ער האָט נישט געזאָגט — אַנטשפּרעכט אוסישקינען. און וואָס שמאַראַק האָט געזאָגט — אַנטשפּרעכט שמאַראַקן. שמאַראַק האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט אָפּשאַצן די עקזעקוטיווע. ער האָט אָפּגעשאַצט אויך זיך. ער האָט אונז פאַרזיכערט, אַז ער רעדט נישט אַלס פּאַרטיי־מאַן, אַז ער האָט נישט קיין שום פּאַרטייאישע פּניה, אַז ער רעדט נאָר אַלס אָביעקטיווער מענטש, נאָר פון ליבע צום אמת, נאָר פון זאָרג פאַרן גאַנצן ציוניזם, געבנדיק זיך דידאָזיקע זעלבסט־אָפּשאַצונג האָט ער געגעבן גלייכצייטיק אַ נעגאַטיווע אָפּשאַצונג דער עקזעקוטיווע. דיביידע אָפּשאַצונגען שמאַראַקס פּאַסן איינע דער אַנדערער.

## יד. די טאַטן און די טוער

עס איז אָבער פאַראַן אַ זכרון, און ס׳איז זייער נויטיק די ציוניסטישע באַוועגונג זאָל פאַרמאָגן זכרון. נאָכן פּראַגער קאָנגרעס איז דאָס די צווייטע סעסיע פון אַקציאָנס־קאָמיטעט אין ירושלים. און נישט על פּי צופאַל קומען ביידע פאַר אין ירושלים — אויך דאָס איז אַ פּראָדוקט פון פּראַגער קאָנגרעס. אויף דער ערשטער סעסיע האָט מען אַ סך גערעדט וועגן דער עקזעקוטיווע, — נאָך ווי גערעדט, — פון־אויבן־אַראָפּ, מיט ביטול, כמעט מיט רחמנות. מען האָט דאַן געראָטן דער עקזעקוטיווע, זי זאָל וואָס גיכער דעמיסיאָנירן, מען האָט פאָרגעלייגט באַשטימען אַ צייטווייליגע עקזעקוטיווע און צונויפרופן דרינגענד אַ קאָנגרעס, כדי צו ראַטעווען די באַוועגונג פון דעם גרויסן און שרעקלעכן אומ־גליק, פון דער נעבעכדיקער, הילפלאָזער עקזעקוטיווע, מיט וועלכער זי איז אַריינגעפאַלן. היינט, נאָך אַנדערטהאַלבן יאָר טעטיקייט, האָט מען שוין גע־הערט גאָר אַנדערע ווערטער. די געשוואוירענע קריטיקער האָבן געזוכט מיט ליכט עפּעס אַ דורכפאַל, אַ פאַרנאַכלעסיקונג, אַ פעלער — און ס׳איז זיי געווען שווער צו געפונען. נאָך שווערער איז געווען נישט צו זען די דערגרייכונגען און געווינסן. איצט איז גאָר נישט נויטיק מלמד־זכות צו זיין אויף דער טעטיקייט פון דער עקזעקוטיווע. איך וועל זיין דער לעצטער עס צו פּרוּוון טון. איך בין אַ עקזעקוטיוו־מיטגליד אָן אַ פּאַרטפעל, און איך האָב ווייניקער פאַר מיינע איבעריקע חברים זיך פאַרנומען מיט דער אַרבעט. דידאָזיקע אַרבעט נויטיקט זיך נישט אין קיין פאַרטיידיקונג. די טוערס זיינען נישט ביי יעדערן פון אייך באַליבט, אָבער טאַטן קען קיינער נישט פאַרלייקענען.

אמת, ס׳איז געמאכט געוואָרן א פרווו דורך א פאַרשטייער פון איין פארטיי צו בארויבן ביי דער עקזעקוטיווע די רעכט אויף די טאטן, וואָס זי האָט געטון. אויך ה׳ סופראסקי האט, ווי זיין חבר שמאַראק, קיין שום פארטייאישע פניה נישט, פאַרשטייט זיך, און ער איז אויסן בלויז ליבע צום אָביעקטיווען אמת. דעריבער האָט ער געזאָגט: יאָ, מען האָט אויסגעלייזט די חולה, — איז וואָס דער־מער? עס זיינען געקומען אין לאנד פופציק טויזנט אידן, — איז וואס פאר א שייכות האט דערצו די עקזעקוטיווע? דער לעגיסלאטיוו־ראט איז לעת־עתה אָפגעלייגט געוואָרן, — אבער דאס האט דאָך געטון די רעגירונג אליין. די פינאנץ־ענינים זיינען רעגולירט, — איז עס צו פארדאנקן דער פראָספעריטי. מען האָט באַקומען אַ הלואה אַ האַלבן מיליאָן פונט, — איז וואָס? ס זיינען געווען ענגלענדער מיט א סך געלט, וואָס האָבן געוואָלט מאכן א גוט גע־שעפט, — האבן זיי געגעבן געלט דער עקזעקוטיווע. יעדער איינער באקומט א הלואה ביי אזעלכע באדינגונגען. איז דען דאס אלץ נישט אויסערגעוויינלעך פשוט? און אינדעראמתן — ווען די קאָנצעסיע־אייגנטימער וואָלטן נישט גע־וואָלט פארקויפן די חולה און די רעגירונג וואָלט נישט מסכים געווען איבער־צוגעבן אידן די קאָנצעסיע, וואָלט זיי דען די עקזעקוטיווע געקענט צווינגען דערצו? און ווען עס וואָלט בכלל נישט געווען קיין אידן, וואס ווילן און מוזן פאָרן קיין ארץ־ישראל, — וואָלט דען די עקזעקוטיווע געמאַכט אַזאַ גרויסע עליה? ווען די רעגירונג וואָלט נישט אָפּגעהאלטן דאס שאפן דעם לעגיסלאַטיוו־ראט, — וואָלט עס דען אונזערע פאָליטישע אָפטיילונג אליין געקענט מאכן? און ווען א גרויסער ענגלישער באנק וואָלט נישט מסכים געווען אונז צו לייען געלט, — וואָלטן דען די עקזעקוטיוו־מיטגלידער ארויסגענומען דאָס געלט פון זייערע אייגענע טאַשן? דאס אלץ איז קלאָר און ריכטיק און פעסטגעשטעלט. אלץ איז הייסט עס, געמאכט געוואָרן פון זיך זעלבסט: די רעגירונג האָט אליין, לויט איר אייגענעם איינזען, ברייט אויפגעעפנט די טויערן פון לאַנד און אריינ־געבראַכט פופציק טויזנט אידן; די באַנקען האָבן פון אייגענער איניציאטיוו גע־געבן די הלואה און דער ציוניסטישער קרעדיט איז פון זיך אליין געשטיגן; די חולה איז גלאט אזוי, פון זיך זעלבסט אריבער אין אונזערע הענט. אלץ איז געמאכט געוואָרן אויטאָמאטיש, פון זיך זעלבסט. דאס ווייסט סופראסקי איצטער, לאחר המעשה. אבער ער האָט עס נישט געוואוסט באלד נאָכן קאָנגרעס און נישט אויף דער פריערדיקער סעסיע פון אקציאָנס־קאָמיטעט. דאַן האָט מען געהערט גאנץ אנדערע ווערטער סיי פון סופראסקין, סיי פון זיין צייטונג, וואָס רופט זיך: „הציוני הכללי" — דער אלגעמיינער ציוניסט (אין פערשידענע ציוניסטישע פארטייען האָט מען זייער גערן דעם סגי־נהור־סטיל און אלץ רופט מען פאר־קערט ווי עס איז באמת). דידאָזיקע ציוניסטישע און „אלגעמיינע" צייטונג האט באלד נאָכן קאָנגרעס נביאות געזאָגט, אז די עקזעקוטיווע וועט ברענגען א

מפלה דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, זי וועט דערפירן צו א פינאַנציעלן באַנקראָט, זי וועט אָפּשוואַכן און צעשטערן אונזערע פּאָליטישע פּאָזיציעס, זי וועט קאַליע מאַכן אונזער פּרעסטיזש ביי דער רעגירונג, זי וועט פּאַראַליזירן די אַרבעט פון די פאָנדן, זי וועט פאַרטרייבן דעם קאַפּיטאַל פון ארץ־ישראל און וועט ברענגען א אומגליק אויפן ציוניזם. די שונאים פון דער עקזעקוטיווע האָבן נישט בלויז פאָרגעזאָגט א דורכפאַל, זיי האָבן אים ערוואַרט, זיי האָבן געבעטן אויף אים און געטון אַלץ, וואָס זיי קענען, כדי אים צו ברענגען. דאן האָבן זיי זיך נישט פאַרלאָזט אויף דער סטיכיע, זיי האָבן נישט געגלויבט, אז דער דורכפאַל וועט קומען פון זיך זעלבסט, זיי זיינען געווען אַקטיוו. זיי האָבן פּראָקלאַמירט א באָיקאָט אויף די פאָנדן, זיי האָבן געפּרוּווט אונטערגראָבן דעם קרעדיט פון דער אגענץ, זיי האָבן זי געפּרוּווט דיסקרעדיטירן אין די אויגן פון ישוב און פון דער רעגירונג, זיי האָבן דערקלערט, אז מען וועט שליסן די טויערן פון לאַנד, זיי האָבן פאַרשפּרייט א פּאַניק, האָבן געטון אַלץ וואָס מעגלעך כדי צו שטערן וועלכער ניט איז פּאָזיטיווער ארבעט מצד דער איצטיקער עקזעקוטיווע. און עס איז לחלוטין נישט זייער שולד אויב דאס וואס איז אויפגעטון געוואָרן — איז אויפגעטון געוואָרן.

## טו. קריטיק פון דורכפאַלן

ה׳ שעכטמאַן האָט אנטדעקט די סיבה פון דער גרויסער עליה: היטלער. יאָ, איך ווייס, אז היטלער איז געווען דער מקור פון געוויסע דערשיינונגען און טעאָריעס און מעשים אויף א באַשטימטן ציוניסטישן געביט, וועלכע מען קען נישט באַטראַכטן אלס געוואונשן פארן ציוניזם. אבער די עליה, וואָס היטלער איז געווען איר סיבה, האָט אין זיך אויך א ברכה פארן ציוניזם, כאָטש שעכטמאַן מיט זיינע חברים האָבן זיך באמיט דווקא דאָ צו שטערן די טאַטן, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן דער עליה פון דייטשישע אידן. אזעלכע פאַלן, ווי די היטלער־געשעענישן, האָבן תמיד אין דער אידישער געשיכטע געווירקט א סך מער ווי פאַרשידענע נביאים. א סך גוטע ציוניסטן האַלטן זיך נאָך איצט אָפּ פון קומען קיין ארץ־ישראל, ווייל די היטלער־געפאַר האָט נאָך נישט דערגרייכט צו זיי. מיר ווייסן, אז ווען נישט די גרויסע סכנות, וואָלטן די מאַסן נישט געקומען קיין ארץ־ישראל. אין דעם באַשטייט די גרויסקייט פון ציוניזם, וואָס ער האָט אין א עת־צרה באוויזן צו געבן א באַזעצונגס־אָרט פאַר טויזנטער פאַרטריבענע פון דריטן רייך, און וואָס ער האָט א חורבן פון א אידישן קיבוץ פאַרוואַנדלט אין אַ מקור פון רעטונג און אויפבוי.

אָבער די טויערן פון לאַנד זיינען נישט געווען ברייט פונאַנדערגע־עפנט, — זיי זיינען נאָך איצט נישט ברייט געעפנט, — און די פּאָליטישע לאַגע

נאָכן קאָנגרעס איז געווען ווייט נישט קיין גלענצנדע. אויפן אכצנטן קאָנגרעס און גלייך נאָך אים איז נישט געווען דאָס געפיל, אז ס'איז מעגלעך א מאסן־איינוואנדערונג. פארקערט, מיר זיינען דעמאָלט געווען ארומגענומען פון א שווערער זאָרג. נאָך אינם ערשטן אויפרוף, וואס די עקזעקוטיווע האָט ארויס־געלאָזן באלד נאָכן קאָנגרעס, האָט זי אָנגעוויזן אויף די זאָרג־וועקנדע דער־שיינונגען אין דער פּאָליטיק פון דער מאַנדאַט־מאַכט. צו די דאָזיקע דערשיינונגען זיינען נאָך צוגעקומען די מאניפעסטאציעס און די העצע מצד די אראבער. די עקזעקוטיווע האָט אנגעהויבן איר טעטיקייט אויפן עליה־געביט ביי שווערע און זאָרגפולע באדינגונגען. און ביים ערשטן שריט האָבן מיר באקומען א שווערן קלאפּ פון דער רעגירונג. דער ערשטער שעדיול, וועלכן מיר האָבן באקומען נאָכן קאָנגרעס, איז געווען א קלאַפּ ווי מיט א האַק איבערן קאָפּ. און אַלע געדענקען נאָך וויאזוי דער ישוב און וויאזוי די גאַנצע ציוניסטישע באַוועגונג האָבן אויפגענומען יענעם קלאפּ. דערצו האָבן זיך דאן באנייט די גזירות אויף טוריסטן, ס'האָט זיך אָנגעהויבן די יאַגט אויף אומלעגאַלע־עולים, אין חוץ־לארץ האט זיך געשאפן א שטימונג, ווי מען וואָלט דא פארשלאָסן די טויערן פון לאַנד. ווען איך בין פאראיאָרן צוריקגעקומען פון לאָנדאָן, וואו איך בין געווען אין שליחות פון דער עקזעקוטיווע וועגן עליה־ענינים, האָב איך אָפּגעגעבן א באַריכט אין דער פּאָליטישער קאָמיסיע פון ועד לאומי. דאן האט איינער פון די באַ־דייטנדסטע עסקנים אין בעלי־בתישן ישוב, א מענטש וואָס שטייט אין שפּיץ פון דער ערשטער אידישער שטאָט, געזאָגט אין דער קאָמיסיע, אז ער האָט ידיעות פון א באגלויבטער קוועלע, אז אינגיכן וועט די רעגירונג אָפּשטעלן די עליה. די דאָזיקע ידיעות האָבן קיין יסוד נישט געהאט, אבער דאס איז געווען דאן די שטימונג. און דערזעלבער הער סופראסקי, וועלכער האלט איצט, אז א עליה פון פופציק טויזנט אידן מאכט זיך פון זיך זעלבסט, האָט דעמאָלט איבער־געחזרט די זעלבע בבא־מעשה אויף דער זיצונג פון ועד לאומי. די עקזעקוטיווע האָט דאן געוואָלט מאָביליזירן דעם גאנצן ישוב צום קאמף פאר פארברייטערן די עליה, — האָט סופראָסקי מיט זיינע חברים אין דער אלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע באַשלאָסן, אז מען דאַרף נישט פאָלגן די עקזעקוטיווע און זיי האָבן פארבאָטן זייערע מיטגלידער זיך צו באטייליקן אין דער פּאָליטישער קאָ־מיסיע, טאָמער וועט עס העלפן דער ארבעט פון דער עקזעקוטיווע. מיר האָבן איינגעלאַדן די פאָרשטייער פון אַ וויכטיקער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאציע, די התאחדות האכרים, זיי זאָלן צוזאמען מיט די פאָרשטייער פון דער אינדוסטריע זיך ווענדן וועגן דעם ענין צו דער רעגירונג. די אָרגאניזאציע האָט זיך אָפּ־געזאָגט דערפון, — און די אַלגעמיינע־ציוניסטן פון סופראָסקיס פראַקציע אַרבעטן אין איר מיט. אין דער צייטונג פון דערזעלבער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך געדרוקט ארטיקלען קעגן די „איבערטריבענע“ עליה־פאָרדערונגען פון דער

אַגעבן, — און סופראַסקיס חברים באַטייליקן זיך אין דער צייטונג. מיר האָבן געהאַט א שטערן געראַנגל מיט דער רעגירונג נישט בלויז וועגן דער עליה נאָר וועגן א ענין, וואס איז דער יסוד און דער עיקר פון ציוניזם, און פון וועלכן עס הענגט אָפּ די עליה־מעגלעכקייט — וועגן אידישער אַרבעט. די דערמאָנטע צייטונג האָט געשריבן, אַז מען דאַרף איינשרענקען די אידישע ארבעט, — און סופראַסקי מיט זיינע חברים האָבן נישט פּראָטעסטירט קעגן דער צייטונג.

מיך פרייט אנצוווייזן, אז אָט די מאָדנע באציאונג איז נישט געווען די אלגעמיינע באַציאונג פון ישוב. קרייזן פון גרויסער באַדייטונג און וואָג אין לאנד האָבן געהאָלפן דער עקזעקוטיווע אין איר שווערן געראנגל אין די עליה־ענינים. פערזאָנען ווי רוטענבערג, נאָוואָמייסקי, פּאָלאַק, שיינקאר, די פּאַר־שטייער פון פּיק״א, די נאַציאָנאַלע קאָלאָניסטן זיינען גערן נאָכגעקומען אונזערע פאַרלאַנגען און האָבן נישט ווייניק מיטגעהאָלפן.

איך וועל מיך נישט אָפּשטעלן אויף די אונטערגראָבונגען, וואָס זיינען גע־מאַכט געוואָרן במשך דער צייט, פון אַ אַנדער צד. איך מיין דאָס שטערן דער פּאָליטישער ארבעט פון דער עקזעקוטיווע. לאָמיר האָפן, אַז דאָס טרויעריקע קאַפּיטל איז שוין אָפּגעשלאָסן. אָבער ווען מען מאַכט אַ חשבון, דאַרף מען מאַכן אַ חשבון נישט בלויז פון דער עקזעקוטיווע, נאָר פון דער גאַנצער באַוועגונג און פון די פאַרשידענע פּאַרטייען אין דער באַוועגונג. די עקזעקוטיווע דאַרף לערנען פון אירע פעלערן, אויב אַזעלכע זיינען געווען, ס׳איז אָבער בויטיק, אַז אויך די פּאַרטייען זאָלן עפּעס אָפּלערנען פון די פעלערן, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען.

אויך בנוגע דעם לעגיסלאַטיוו־ראַט איז נישט געווען אַלץ גלאַטיק מצד דעם ישוב. אוסישקין האָט געזאָגט, אַז די עקזעקוטיווע האָט אין דעם פאַל מצליח געווען, ווייל דער גאַנצער ישוב איז געווען אייניק אין זיין קעגנערשאַפט. צו מיין באדויערן שטימט עס נישט זייער גענוי. אַ טאָגצייטונג, וועלכע האַלט, אַז זי רעדט אין נאָמען פונם „רוב״ פון ישוב, האָט פאַרעפנטלעכט אַ אַרטיקל פאַרן לעגיסלאַטיוו ראַט. און קיינער פון די „אַלגעמיינע״ ציוניסטן, וועלכע זיינען זייער נאָענט צו דער צייטונג, האָט נישט פּראָטעסטירט קעגן דעם, — וואָרום דידאָזיקע צייטונג האָט דאָך גרויסע פאַרדינסטן: זי קעמפט מיט דער אַרבעטער־הסתדרות און פאַרטיידיקט די ספּעקולאַנטן.

## טז. די פּרעסטיזש־הויבונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע

אויסער די בולטע אויפטוען, וועלכע זיינען דערמאָנט געוואָרן אין די באַריכטן פון די פאַרשידענע אָפּטיילונגען אין דער עקזעקוטיווע, דאַרף מען נאָך אָנווייזן אויף איין זאַך, וועלכע געהערט נישט צו קיין שום אָפּטיילונג:

נאָכן פראַגער קאָנגרעס איז געהויבן געוואָרן דער פרעסטיזש פון דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע און פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע. עס רעדט זיך נישט בלויז וועגן דער איצטיקער עקזעקוטיווע, נאָר וועגן דער עקזעקוטיווע בכלל אַלס העכסטע אינסטאַנץ פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. יעדערער געדענקט נאָך מיט וויפל ביטול און שפּאָט האָבן זיך אָנגעזעענע קרייזן אין ישוב די לעצטע יאָרן באַצויגן צו דער גאַנצער „בטלנות" פון ציוניסטישע קאָנגרעסן, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און ציוניסטישע עקזעקוטיווע. מיט וויפל גרינגשעצונג מען האָט גערעדט וועגן נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס און מיט וואָס פאַר אַ איראָניע מען האָט תמיד אַריינגענומען די „אינסטיטוציעס" אין ביישטריכעלעך. אין די לעצטע אָנדערטהאַלבן יאָר איז געהויבן געוואָרן דער פרעסטיזש פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ס'איז געוואַקסן די באַדייטונג פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, ס'איז ווידער באַנייט געוואָרן דער ציוניסטישער דרך־ארץ. דאָס איז אַ וויכטיקע און גרויסע דערגרייכונג.

## יז. דער קאָלעקטיווער כוח

דאָס וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרן נאָך פראַג איז נישט קיין אויפטו פון יחידים. איך פאַרמינער נישט די באַדייטונג פון פערזאָנען. פאַראַן גרויסע פערזענלעכ־קייטן אין ציוניזם. נישט תמיד זיינען זייערע רייד געלונגענע. נישט זעלטן האָבן ווערטער, וואָס האָבן זיך ביי זיי אַרויסגעכאַפּט, געבראַכט צעטומלונג און אויפ־רעגונג אין דער באַוועגונג. אָבער זייערע מעשים און גרויסע אויפטוען געהערן שוין צום אייזערנעם פאָנד פון אונזער באַוועגונג און פון דער אידישער געשיכטע. דידאָזיקע מענטשן זיינען נאָך אין פולער קראַפט און עס שטייט זיי נאָך פאָר אַ סך אויפצוטון. אָבער מענטשן קענען זיין וואַקלדיק און זיך אונטערגעבן מאָמענט־שטימונגען. אין דער ציוניסטישער באַוועגונג זיינען געווען אַ סך וואַקלעניש, וועלכע זיינען נישט געקומען פון אַ אינערלעכער נויטווענדיקייט נאָר אַלס פּראָדוקט פון פערזענלעכע שטימונגען, פון מאָמענטאַלע און פאַרביי־גייענדע געמיט צושטאַנדן. דער כוח, וואָס האָט געמאַכט די ציוניסטישע אַרבעט נאָך פראַג איז נישט קיין פערזענלעכער נאָר אַ קאָלעקטיווער כוח, אַ כוח פון אַ אויסגעפורמטער חלוצישער באַוועגונג, וועלכע פאַרמאָגט אַ היסטאָרישן ווילן און אַ קלאָרן וועג. אָט דער כוח האָט געלייגט זיין שטעמפּל אויף די אַרבעטן פון דער איצטיקער עקזעקוטיווע, און דער כוח וואַקסט כסדר, ער מוז וואַקסן צוזאַמען מיטן וואוקס פון דער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג. דערדאָזיקער כוח וועט נישט פאַלן און נישט צעבראָכן ווערן, קיין שום כלי־זין וועט אים נישט בייקומען. במשך די לעצטע צוויי יאָר איז דער כוח טאָפּלט אויסגעוואַקסן. פון 53.000 איז זיין צאָל געוואָרן 70.000. דאָס זיינען נישט 70.000 וואַל־שטימען,

ניט 70.000 שקל־צאָלער, נישט 70.000 ביישטייערער. דאָס זיינען 70.000 פאַר־ווירקלעכער, 70.000 ציוניסטישע אַרמיי־לייט. אַזוינס איז נאָך אין ציוניזם נישט געווען. האָט דאָס איז די גרויסע ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין אינערלעכן צוזאַמענשטעל און אין דער אינערלעכער סטרוקטור פון ציוניזם נאָך פּראַג.

## יח. צו דער באַנייאונג פון דער באַוועגונג

די צוויי ענדערונגען דעצידירן וועגן דער נייער לאַגע. די אויסערלעכע ענדערונג אין מצב פון אידישן פאָלק, די אנטפלעקונג פונם אידישן חורבן אין זיין גאַנצער גרויל — סיי פאַר די אידן אַליין און סיי פאַר דער אינטערנאַציאָ־נאַלער וועלט, די ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין לאַנד, די אַנדעקטע גרויסע מעגלעכקייטן פון דער ציוניסטישער לעזונג. און די אינערלעכע ענדע־רונג, — די דערוואַכונג פון דער באַוועגונג, דער אויפשטייג פון אַ פרישער און קרעפטיקער ציוניסטישער יוגנט, דער וואוקס פון אַ פאַרווירקלעכנדן כוח, וואָס שטייט אין רשות פונם אויפבוי־ווערק און פון דער באַוועגונג, נישט בלויז קיין כוח פון שקל־און שטייער־צאָלער, נאָר אַ חלוצישער כוח, וואָס שטייט אין פראָנט פון אַרבעט, אויפבוי און באַשיצונג. דידאָזיקע ענדערונגען מאַכן נויטיק און דערמעגלעכן אַ באַנייטע ציוניסטישע איינִיקייט.

אויף דער איצטיקער זיצונג, פונקט ווי אויף די פריערדיקע זיצונגען פון אַקציאָנס־קאָמיטעט, האָבן מיר געזען דיזעלבע מענטשן און געהערט דיזעלבע רייד, ווי ס'וואָלט זיך קיין שום זאַך נישט געענדערט. אַנדערע מיינען: די מענטשן זיינען נישט פעאיק זיך צו ענדערן. דאָס איז נישט ריכטיק. זיי מוזן און וועלן זיך ענדערן. פאַראַן שטאָף, וואָס איז נישט מסוגל זיך צו ענדערן ביי אַ נידע־ריקער טעמפּעראַטור, אָבער מיטן מאָמענט, ווען מען נעמט אים אַריין אין אַ הויכער טעמפּעראַטור, לעזט ער זיך באַלד אויף, און מען קען אים איבערגיסן אין אַ נייעם פורעם. אין איצטיקן היסטאָרישן מאָמענט איז און מוז זיין אַ הויכע ציוניס־טישע טעמפּעראַטור. און איך גלויב, אַז מען קען פונדאַסנייַ אויפלעזן דעם ציוניסטישן שטאָף, אַפילו דעם שלעכטן און קאַליעגעוואָרענעם, און איבערגיסן אים אין נייע פורעמס, וועלכע זאָלן אַנטשפּרעכן די גרויסע באַדערפענישן פון מאָמענט. פאַראַן אויך דער שטאַרקער כוח, וואָס זאָל מעגלעך מאַכן דידאָזיקע אויפלעזונג, וואָס זאָל צוגרייטן די פורעמס און אַריינגיסן אין זיי דעם נייעם שטאָף און אויך דעם אַלטן, נאָך זיין רייניקונג און לייטערונג, כדי זיי זאָלן קענען דערפילן די נייע אויפגאַבן, וואָס שטייען איצט פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג.

און מיר שטייען איצט פאַר נייע און גרויסע אויפגאַבן. די צענטראַלע פראַגע ביים איצטיקן מאָמענט איז: וואָס פאָדערט זיך פון אונז און צו וואָס זיינען מיר

גרייט. אויב מיר וועלן אַלע וויסן און אָנערקענען, וואָס פון אונז פאָדערט זיך — און דאס איז איצט גרינגער ווי פאַר צוויי־יאָרן — גלויב איך, אַז מיר וועלן אין זיך געפינען דעם געמיינזאַמען כוח נאָכצוקומען די פאָדערונג.

. . .

## יט. דער ענדציל און די פאַרווירקלעכונגס־עטאַפּן

ווען איך האָב זיך, ביים סוף פון אכצנטן קאָנגרעס, צו מיין איבעראַשונג דערזען אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, האָב איך מיר אַליין געשטעלט די פראַגע: וואָס איז ציוניזם אין איצטיקן מאָמענט? איך האָב מיך נישט געפרעגט, וואָס איז דער ענדציל פון ציוניזם. דעם ציל קען איך שוין זינט צענדליקער יאָרן. אָן גלויבן אין דעמדאָזיקן ציל וואָלטן מיינע חברים און איך נישט געהאַט אין זיך דעם כוח צו טאָן במשך לאַנגע יאָרן יענע קליינע אַרבעט, וואָס מיר האָבן געטון אין די קאָלאָניעס פון יהודה און גליל ביים אָנהויב פון דער צווייטער עליה: אַרומגיין ביי טאָג מיט אַ פּאָר בהמות אין פעלד־בייט אָדער שטיין ביינאַכט ביי דער וואַנט מיט אַ ביקס אין האַנט. אינם ענדציל קומען נישט פאָר קיין ענדערונגען און ער באַנייט זיך נישט פון צייט צו צייט. אָבער אין דער ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג קומען יאָ פאָר ענדערונגען. די ציוניסטישע פאַרווירקלעכונג ווערט נישט דורכגעפירט מיט אַ מאָל. פאַראַן עטאַפּן אין דער פאַרווירקלעכונג — און יעדעס מאָל, אין יעדער תקופה דאַרף מען וויסן, וואס פאר א עטאפּ מיר דארפן דורכמאכן. אָט אזא אויפקלערונג מוז מען מאכן פון צייט צו צייט און נישט די אויפקלערונג, וואס מען האט געמאכט אויפן זיבעצנטן קאָנגרעס. נישטאָ קיין אומזיניקערער ויכוח ווי יענער ויכוח וועגן ענדציל. אָט דעם רעוויזיאָניסטישן ויכוח איז מיר אויסגעקומען צו מאכן מיט אַ סך יאָרן צוריק, ווען ס'איז נאָך קיין סימן נישט געווען פון א רעוויזיאָניסטישער באוועגונג *). דאס איז געווען מיט צוואָציק יאָר צוריק, אין 1915 אין אַמעריקע, נאָכן מלחמה אויסברוך, ווען איך בין צוזאַמען מיט בן־צבי אַרויסגעטריבן געוואָרן דורך דזשעמאַל־פּאשא פון ארץ־ישראל. קיין אַמעריקע איז דאן אויך אנגעקומען פּנחס רוטענבערג און ער האט געבראַכט מיט זיך גרויסע פּראָיעקטן וועגן א אידישן לעגיאָן, וועגן שאפן א „אידישע" רעגירונג פון אמעריקאנער אידן און וועגן א אָרגאניזירטע ארויסטרעטונג פון אידישן פאָלק אויף רער שלום־קאָנפערענץ (וועלכע האט זיך אונז דאן אויסגעוויזן זייער נאָענט) כדי צו פארלאנגן ארץ־ישראל פאר אידן. רוטענבערג האט געוואָלט פאראייניקן ארום דערדאָזיקער פאָדערונג אלע אידן און ער האט זיך געווענדעט צו זיין פארטיי־חבר — אין ס.ר. — חיים זשיטלאָווסקי, וועלכער איז דעמאָלט

*) זע: „ממעמד לעם", פרק „פרשת דרכים", עמוד ו—יד, אדער „אונזער שליחות", וואַרשע, 1934, ערשטער טייל: קאַפּיטל ג' — דריי אויפפאַסונגען זז. 21—29.

געווען א קעגנער פון ציוניזם. רוטענבערגס פארנעם האט באווירקט זשיטלאָווסקין און ער איז דאן צוגעשטאנען צו דער פועלי־ציון־פארטיי. אבער זשיטלאָווסקי האט דאן פארלאנגט א אידישע מדינה, א אידנשטאט, נישט מער און נישט ווייניקער (אוסישקין: איך פארלאנג מער — מלכות בית דוד. בן־גוריון: איך פארלאנג נאָך מער — מלכות שדי אויף דער ערד, דעם נביאישן אחרית הימים). זשיטלאָווסקי האט זיך נישט געוואָלט צופרידנשטעלן מיט די באשיידענע פאָדערונגען פון די פועלי־ציון: אנערקענען דאס רעכט פון אידישן פאָלק ווידער אויפצובויען זיין היימלאנד, און ער האט שטארק געקעמפט — פאר דער פאָדערונג צו פראָקלאמירן א אידישע רעפובליק אין ארץ־ישראל. און איך, דער אלטער ציוניסט, האב געדארפט פירן וועגן דעם א ויכוח מיט זשיטלאָווסקין דעם בעל־תשובה. ער האָט געטענהט, אז די גאולה פון אידישן פאָלק מוז פאָר־קומען תיכף און פולשטענדיק, און אז מיר דארפן פון דער שלום־קאָנפערענץ באקומען דעם אידנשטאט. און איך האב געזאגט, אז אונזער גאולה איז נישט קיין ענין פון א איינמאָליקן אקט, נאָר א היסטאָרישער פראָצעס; אז ס׳איז נישט קיין אויסערלעכער אקט, וואס קען געמאכט ווערן דורך די רעגירונגען, נאָר עס איז אַ אינערלעכע אָנשטרענגונג און אַקציע פון אידישן פאָלק. וואָרום מיר גופא, מיר אליין וועלן דארפן אויפבויען דאס לאנד — און דאס וועט דויערן לאנגע יאָרן, און דער אידנשטאט איז א ענין פון דער צוקונפט.

# ב. עליה

איך גלויב איצט, אז די דאָזיקע צוקונפט איז נישט אזוי ווייט. ווען איך בין צום ערשטן מאָל געקומען קיין ארץ־ישראל, — און איך בין דאַן אינגער געווען מיט ניין־און־צוואנציק יאר ווי איך בין היינט, — האב איך נישט געגלויבט, אז איך וועל נאָך אליין זען די ציוניסטישע פארווירקלעכונג. איצט, נאָך ניין־און־צוואנציק יאר, גלויב איך, אז ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן, — איך זאָל זוכה זיין עס צו דערלעבן. אבער אויך איצט ווייס איך, אז דאס איז א דויערנדער פראָצעס, א פראָצעס מיט א סך עטאפן. און יעדעס מאָל מחן מיר וויסן, וואס איז דער נאָענטער עטאפ, יעדעס מאָל מוזן מיר מאכן די שווערע אנשטרענגונגען כדי איבערצוגיין פון איין עטאפ צום אַנדערן. ס איז נישט גענוג אַרויפצוקוקן צום בארג־שפיץ און שטיין אויף איין אָרט. ביים סוף פון לעצטן קאָנגרעס האָב איך מיר געשטעלט די פראגע: וואס איז דער נאָענטסטער עטאפ? און איך האב מיר און מיינע חברים געגעבן די תשובה: 50 טויזנט עולים א יאָר. ציוניזם אין איצטיקן מאָמענט הייסט — א עליה פון 50 טויזנט אידן א יאָר קיין ארץ־ישראל. אין דער ריכטונג דארפן מיר ווענדן אלע אנשטרענגונגען פון דער באוועגונג. דאָס איז נישט קיין פלאן אויף תמיד. דאס איז געווען דער

פלאן אויף די צוויי יאָר. איז דען דאס טאקע געווען א ענין, וואס קומט פון זיך זעלבסט. צו זיינען די 50 טויזנט געווען ביי אונז אין קעשענע, ווי מען קען מיינען לויט סופראסקיס רייד? ניין. איצט נאָך איז אזא עליה נישט אין קעשענע ביי דער ציוניסטישער בעוועגונג. עס האבן זיך דערצו געפאָדערט און פאָדערן זיך נאָך איצט גרויסע אנשטרענגונגען. די אנשטרענגונגען זיינען נאָך נישט געמאכט געוואָרן. וואָרום עליה הייסט נישט — אריבערפירן אידן קיין ארץ־ישראל. עליה הייסט — איינוואָרצלען די עולים אין ארץ־ישראל. און אז עס זיינען יאָ געקומען 50 טויזנט, האבן מיר נאָך נישט די זיכערקייט, אז זיי האָבן זיך באמת איינגעוואָרצלט און איינגעבירגערט אין לאַנד, און מיר מוזן נאָך מאכן אַ סך אנשטרענגונגען כדי דידאָזיקע איינוואָרצלונג דורכצופירן.

## כא. דער נאָענטסטער עטאפּ

אבער ווען איך שטעל היינט די פראגע: וואס איז ציוניזם אין איצטיקן מאָמענט, וואס איז דער נאָענטסטער עטאפּ, — ענטפער איך נישט עליה. נישט ווייל מיר האבן שוין א גענוגנדע עליה. די פאראנענע עליה איז נישט גענוגנד און מען קען און מען מוז זי פארגרעסערן. ס׳איז אויך נויטיק אויסצובעסערן איר צוזאמענשטעל, ווייל דער טייל פון דער ארבעטנדער עליה איז צו קליין. צוליב דער קליינער צאָל פון דער ארבעטנדער עליה לאָזן מיר ארויס פון אונזערע הענט גרונט־פּאָזיציעס אין דער ארבעט. און מיר פארשפּילן די קאָלאָניע. מיר קענען זיך נישט צופרידן שטעלן נישט מיט דער איכות פון דער איצטיקער עליה און נישט מיט איר כמות. און די כמות איז פונקט אזוי וויכטיק ווי די איכות, וואָרום די כמות פאר־זיך־גופא פארמאָגט א איכותדיקע באדייטונג. די כמות איז וויכטיק נישט בלויז צוליבן ראַטעווען נאָך טויזנטער אידן — אויך די רעטונג טאָר מען נישט גרינגשעצן — נאָר זי האָט א דעצידירנדע, פּאָליטישע באדייטונג. קיינער ווייסט נישט וואס מאָרגן וועט זיין. און מיר מוזן פארגרעסערן אונזער כוח מיט דער פולסטער גיכקייט און מעגלעכקייט. די כמות איז אַ פּאָ־ליטישער פאַקטאָר, אַ פּאָליטישער הויפּט־פאַקטאָר. די גרויס פון דער עליה ענדערט די גאנצע ציוניסטישע קאָנצעפּציע סיי ביי אידן סיי ביי דער גאנצער וועלט. די גרויס פון דער עליה איז דער צענטראלער פּאָליטישער פאקט אין איצטיקן מאָמענט. און מיר דארפן דעם פאקט פארשטארקן און פארגרעסערן. דעריבער איז פאר אונז אזוי וויכטיק די אינדוסטריע, — די אינדוסטריע נעמט אריין מאסן. דעריבער איז פאר אונז אזוי וויכטיק די שטאָט, — די שטאָט נעמט אַריין מאַסן און די כמות איז וויכטיק — ווייל די צייט איז קורץ. די פראגע פון צייט און טעמפּאָ איז פאר אונז א גורל־פראגע. מיר האָבן א גרויסן ויכוח מיט דער רעגירונג

זעגן טעמפּאָ. ווען איך וואָלט געדאַרפט דאָ רעדן וועגן אונזער פּאָליטישע־לאַגע אין איצטיקן מאָמענט, וואָלט איך זי באַצייכנט מיט צוויי דיסטאַנצן: די דיסטאַנץ צווישן אונזער אויפפאַסונג פון טעמפּאָ און צווישן דער אויפפאַסונג פון דער רעגירונג פון איין זייט, און די דיסטאַנץ צווישן דער רעגירונגס־אויפפאַסונג פון טעמפּאָ היינט און צווישן איר אויפפאַסונג פאַר־צוויי־יאָרן פון דער אַנדערער זייט. ס'איז נאָך פאַראַן עד היום אַ גרויסע דיסטאַנץ צווישן אונזער אויפפאַסונג און צווישן דער רעגירונגס־אויפפאַסונג, און איך האָב מורא, אַז די דיסטאַנץ וועט נאָך פאַרבלייבן אַ לאַנגע צייט. מיר וועלן נאָך האָבן אַ לאַנגן און דויערנדן געראַנגל מיט דער רעגירונג, ווייל די ענגלישע רעגירונג, אפילו די באַקוועמסטע און פריינטלעכסטע, איז קודם כל אַ ענגלישע רעגירונג, און נישט קיין ציוניסטישע. אין דער רעגירונגס־אויפפאַסונג איז אַבער, אין פאַרגלייך מיט פאַר־צוויי־יאָרן, פאָרגעקומען אַ ענדערונג, כאָטש זי איז נאָך אויך היינט ווייט פון אונזערע. דער געראַנגל צווישן אונז בלייבט. און דווקא ווייל די כמות פון דער עליה האָט אַ אַנטשיידנדע באַדייטונג, דווקא ווייל די באַדייטונג פון טעמפּאָ איז אַ אַנטשיידנדע, שטייט איצט אין צענטער פון אונזערע אויפגאַבן אַ צווייטע זאַך — די לאַנדוויר־טשאַפט.

## כב. די לערע פון קאַרטאַגאָ

פאַראַן אַ לעקציע אין דער וועלט־געשיכטע. ווער עס האָט געלערנט די רוימישע געשיכטע, געדענקט דאָס דראַמאַטישע קאַפּיטל, וואָס רופט זיך — די פונישע מלחמה. אין העברעאיש וואָלט גלייכער געווען צו זאָגן — די כנענישע מלחמה. געווען דאַן אַ גרויסער כנענישער קריגספירער, לויטן אָפּשטאַם נאָענט צו די אַלטע העברעער. ער האָט געהאַט אַ אידישן נאָמען און אַ אידישן טיטול: חניבעל, דער שופט פון קרת־חדשת (קאַרטאַגאָ). דאָס איז געווען איינער פון די גרעסטע קריגספירער אין דער פעלקער־געשיכטע, און אפשר דער גרעסטער. אָט דער קריגספירער האָט געפירט מלחמה מיטן יונגען רוים, און ער האָט באַוויזן וואונדער אין דער מלחמה. ער האָט אָנגעפירט מיט אַ אַרמיי פון געדונגענע זעלנער, זין פון פאַרשידענע פעלקער און ראַסן, און ער האָט זיי געפירט פון צפון־אפריקע קיין איטאַליע, ער איז דורך די אַלפּן־בערג אַריין אין האַרץ פון איטאַליע און האָט געריסן שטיקער פון דער רוימישער אַרמיי. קעגן אים איז געשטאַנען אַ גרויסע רוימישע אַרמיי, אַ גרעסערע ווי זיינע, און ער האָט זי געצוואונגען צו ליידן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. אַבער חניבעלן האָט נישט געהאָלפן זיין גאַנצע גבורה און מיליטעריש־מלוכהשע גאונות, — וואָרום ער איז געווען נישט בלויז אַ געניאַלער קריגספירער נאָר אויך אַ געניאַלער מלוכה'מאַן. דאָס האָט אים נישט געהאָלפן און ער איז צום סוף באַזיגט געוואָרן און געפאַלן,

כאָטש קענן אים זיינען געשטאנען דורכשניטלעכע, אומבאגאבטע גענעראלן. די רוימישע דורכשניטלעכקייט האט באזיגט די כנענישע גאונות. קאַרטאַגאָ איז געווען א שטאַטישע מדינה, רוים איז געווען א דאָרפישע מדינה, און אינם פארצווייפלטן גערانגל צווישן א שטאַטיש פאָלק און א דאָרפיש פאָלק, האָט געזיגט דאָס דאָרפישע. די גאַנצע קאָמערציעלע רייכקייט פון קאַרטאַגאָ, די גאנצע גאונות פון הויפט־קריגספירער האט איר נישט געהאָלפן. חניבעלס גבורה איז געבראָכן געוואָרן אָנשטויסנדיק זיך אין דער עקשנות׳דיקער מלחמה פון די רוימישע פויערים. דידאָזיקע פויערים זיינען נישט צעשראָקן געוואָרן פון די שווערע מפלות, וואָס זיי האָבן געליטן איינע נאָך דער אנדערער, — ווייל זיי זייען געווען פארוואָרצלט אין באָדן און צוגעבונדן צו זייער ערד. זיי האָבן באַזיגט קאַרטאַגאָ און אָפּגעמעקט זי פון דער ערד, נישט איבערלאָזנדיק קיין שריד ופליט.

## כג. די צענטראַלע אויפגאַבע — לאַנדווירטשאַפט

און מיר קומען ווידער בויען א שטאַטישע מדינה, מיר ווערן אויך דא א שטאַטיש־פאָלק, בעת ארום אונז זיצט א פאָלק פארוואָרצלט אין באָדן, נישט בלויז דא אין ארץ־ישראל נאָר אין אלע שכנותדיקע לענדער. יאָ, מיר קענען שאפן דאָ א גרויסע שטאַטישע מדינה אין תל־אביב און אין חיפה, א מדינה מיט א מיליאָן איינוואוינער און נאָך מער, אבער דער סוף אירער וועט זיין — דער סוף פון קאַרטאַגאָ. לייענט וועגן אינערלעכן מצב פון קאַרטאַגאָ אין חניבעלס צייט — וועט איר דערזען אַ פאָטאָגראַפיע פון תל־אָביב : דיזעלבע אויבנ־אויפיקע קולטור, דיזעלבע ניט־פארוואָרצלטקייט, דיזעלבע אָפּהענגיקייט פון א פרעמדער, פיינטלעכער דאָרפישער סביבה, דיזעלבע איינגערעדטע אייגנאַרטיקייט, — ווילן מיר וואַרטן אויף דעמזעלבן סוף ?

אונזערע קאָלאָניעס פארשטעטלען זיך אויך. פון 300 טויזנט אידן, וואָס געפינען זיך אין ארץ־ישראל, לעבן בלויז ביי 40 טויזנט — 13 פראָצענט — פון לאַנדווירטשאַפט, און איך בין נאָך נישט זיכער, צי די 40 טויזנט זענען פארבונדן מיט דער ערד.

דעריבער איז די צענטראַלע, אנטשיידנדע זאך אין איצטיקן מאָמענט : לאַנדווירטשאַפט, באָדן. אויך די דאָזיקע באַדערפניש איז נישט קיין שפאגל־נייע, מיר האָבן תמיד באַטראַכט די לאַנדווירטשאַפט אַלס דעם פונדאַמענט, אַלס די באַזע. אבער די גרויס פון דער באַדערפעניש איז ניי. מיר שטייען איצטער פאר נייע מאסשטאבן. די גרויס פון דער עליה — 50 טויזנט א יאָר — ענדערט לחלוטין די גרויס פון דער באָדן־באַדערפניש. די אידישע עליה שאפט א גרויסן מארק, א שטאָטישן מארק, און דערדאָזיקער מארק

בעפּעסטיקט דאָס פּאַראַנענע, ניט־אידישע דאָרף, ער פאַרטייערט דעם ניט־אידישן באָדן, ער פאַרשווערט פּילפּאַך דאָס אויסלייזן דעם באָדן און די פאַרוואָרצלונג אין לאַנדווירטשאַפט. אויב עס וועט נישט זיין קיין אַנטשפּרעכנדע נאָרמאַלע פּראָפּאָרץ צווישן אונזער שטאָטישער קאָלאָניזאַציע און צווישן דער דאָרפישער, און אויב די עליה וועט וואַקסן — און ס איז פאַראַן א האָפנונג, אז די עליה זאָל איבערשטייגן 50 טויזנט, כאָטש די 50 טויזנט זיינען אויך נישט ביי אונז אין קעשענע — זיינען מיר פאַרלוירן. וואָרום יעדע גרויסע עליה, וואָס ברענגט נישט מיט זיך גלייכצייטיק א גרויסע באָדן־אויסלייזונג און א גרויסע לאַנדווירט־שאַפטלעכע קאָלאָניזירונג, — גראָבט א תהום צווישן אונז און צווישן א גע־זונטער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ און זיכערער נאַציאָנאַלער צוקונפט. די איצטיקע עליה פאַרפליכטעט אונז צו אַ נייעם מאַסשטאַב אין אונזער לאַנדווירטשאַפט־לעכער ארבעט, — זי פאַרלאַנגט סיי פּאָליטישע, סיי פינאַנציעלע אַנשטרענגונגען. אַ קליינער פּאַרנעם אין דער לאַנדווירטשאַפט אין אַ צייט פון גרויסער עליה קען מיט זיך ברענגען אומגליק און חורבן. און די ציוניסטישע באַוועגונג דאַרף וויסן, אז עס איז פאַראַן נישט בלויז די באַדערפעניש אין אַ ברייטן מאַסשטאַב פון לאַנדווירטשאַפטלעכער קלאָניזאַציע, נאָר עס זיינען אויך פאַראַן ברייטע מעגלעכקייטן פון לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע. פאַראַן נאָך פרייער באָדן אין אַ ברייטער מאָס. אָבער די צייט איז קורץ און אויב מיר וועלן זיך נישט צואיילן, וועלן מיר פאַרשפּעטיקן. מיר דאַרפן וואָס גיכער ערווערבן דעם באָדן, וואָס איז נאָך מעגלעך צו ערווערבן. אבער דער באָדן איז קליין, דער שטח איז באַגרעניצט און דאָס פאַראַנענע איז זייער ווייניק, — דעריבער מוזן מיר אחוץ דעם באָדן, וועלכן מיר קויפן און לייזן אויס, שאַפן נייעם באָדן. איז עס מעגלעך?

## כד. די פּאָליטישע דערגרייכונג פון די אַרבעטער־ווירטשאַפטן

מען האָט דאָ גערעדט וועגן ווירטשאַפטלעכע דערגרייכונגען פון דער ארבעטער־קאָלאָניזאַציע, און מען האט געמאָסטן די דערגרייכונגען מיטן ריוח פון פונטן. די רווחים זיינען זייער וויכטיק, ווייל דאס זיינען רווחים פון א ארבעטער־ווירטשאַפט, דאס הייסט — פאַקטישע רווחים, וואס קומען פון פאַרגרעסערטער פּראָדוקציע, פון פאַרגרעסערטער אַרבעטס־פעאיקייט, פון פאַרשטאַרקטער ווירט־שאַפטלעכקייט, — דאס זיינען נישט די כלומרשטע רווחים פון דער ספּעקולאַציע, וועלכע זיינען אינדעראמתן נאָר אַ געלט גלגול פון איין אידישער קעשענע אין א צווייטער. אבער די אמתע דערגרייכונג פון די ארבעטער ווירטשאפטן, די ווירטשאפטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — און ס'איז נישט קיין צופאַל, וואס די ווירטשאפטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זיינען ארבעטער־

ווירטשאַפטן — דריקט זיך נישט אויס אין זייער פינאַנציעלן ריווח, נאָר אין זייער גרויסער פּאָליטישער באַדייטונג. אין וואָס באַשטייט די דאָזיקע פּאָליטישע באַדייטונג? די ארבעטער־ווירטשאַפטן האָבן צענפאַך פאַרגרעסערט דעם שטח פון ארץ־ישראל. די דאָזיקע ווירטשאפטן האָבן דערוויזן, אז פאַרן קיום פון א פאמיליע זיינען נישט נויטיק 250 דונאם, נאָר עס קלעקן 20 דונאם. דער באַראָן האָט געמאַכט קאָלאָניזאַציע און האָט אויף זיין קאָלאָניזאַציע אויסגעגעבן א סך מער ווי די ציוניסטישע אָרגאַניזאציע האט אויסגעגעבן. אין די ערשטע צוואנציק יאר פון דער באראָנישער קאָלאָניזאציע האָבן 1000 קאָלאָניסטן אָפּגעקאָסט 90 מיליאָן גאָלדפראנק. דאס איז געווען מיט 30—50 יאר צוריק ווען דער ווערט פון גאָלדפראַנק איז געווען אַ סך אַ גרעסערער ווי היינט, און דער מינימום ערד, וואס א קאָלאָניסט האָט באקומען איז געווען — 250 דונאַם. עד היום האָבן קאָלאָניסטן אין סעדזשערא, מסחה, מלחמיה און יימה מינימום פון 250 דונאַם. איך האָב מיט 28 יאָר צוריק געאַרבעט אין אָט די קאָלאָניעס, — און ווען איך האָב זיי באזוכט פאר עטלעכע וואָכן, האָב איך דאָרט געפונען כמעט דעמזעלבן נעבעכדיקן מצב ווי אמאָל, און דיזעלבע גרויסע שטחים ביי יעדן קאָלאָניסט. ווען דער שטח פון 250 דונאם וואָלט טאקע געווען דער נויטווענדיקער מינימום פאר א קאָלאָניסט, וואָלטן מיר געווען פארלוירענע. עס וואָלט נישט געקלעקט קיין ערד פאר די וואָס זיצן שוין לאַנג אין ארץ־ישראל. אויב דער נויטיקער קאָלאָניזאַציע־שטח פאר אַ משפּחה איז 250 דונאַם — איז אין לאַנד נישטאָ קיין ערד פאר נייער קאָלאָניזאַציע, נישט פאר די אַראַבער און נישט פאר אונז. דער גרויסער פּאָליטישער אויפטו פון די ארבעטער־ווירטשאפטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאציע איז דער, וואס זיי האָבן דערוויזן מיט לעבעדיקע פאקטן, וועלכע מען קען נישט אָפּפרעגן און אין וועלכע מען קען נישט צווייפלען, אז דער נויטיקער באָדן־שטח פאר קאָלאָניזאַציע, מיט באַוואַסערונג, איז נישט מער ווי 20 דונאַם, — איצטער פרוּווט מען נאָך דערווייזן, אז עס קלעקן אויך 12 דונאם, — און ביי 20 דונאם קען מען דערגרייכן א העכערן לעבנס־ניוואָ, ווי ביי די 250 דונאם פון דער אלטער קאָלאָניזאציע. אָט דער אויפטו האט פארגרעסערט ארץ־ישראל צענפאַך, דרייצענפאַך. דאָס איז דער צווייטער וועג פון באָדן דערווערבונג, — דער וועג פון שאפן א ניי ארץ־ישראל, וואס האט גאר פריער נישט עקזיסטירט. די ערד האט דריי דימענסיעס. אויף צוויי האבן מיר קיין שליטה נישט: אויף דער ברייט און אויף דער לענג. זיי זיינען אזוי פון דער נאַטור, און מען קען זיי נישט אויסציען און פארגרעסערן. אבער פאראן נאָך א דריטע דימענסיע: די פרוכטבארקייט פון דער ערד, זי קען מען פארמערן און פארפילפאכן, און דערמיט קען מען פארגרעסערן די קאָלאָניזאציע־מעגלעכקייטן. דערווערבן

באַדן און פארגרעסערן די פרוכטבארקייט פונם באָדן, — אָט דאס זיינען די צוויי זאכן, וואס פאָדערן זיך איצט פון אונז אין א ברייטן מאסשטאב און ביידע פארלאנגן סיי פאָליטישע, סיי פינאנציעלע אנשטרענגונגען.

## כה. באָדן און קאָלאָניזאציע

אין אונזער פאָליטישער טעטיקייט איז אונז געלונגען צו דערווערבן די חולה, אָבער מיר האָבן דערוואָרבן בלויז א קאָנצעסיע. אָן מעליאָראציע, אָן באַוואַסערונג, אָן קאָלאָניזאַציע, אָן ארבעטער־קאָלאָניזאַציע האָט די קאָנצעסיע קיין שום ווערט נישט. די רעגירונג וועט פאר אונז דעם באָדן נישט אויסטריקענען, כאָטש זי דארף עס טון, זי וועט נישט מאכן קיין שום באוואסערונג און וועט נישט קאָלאָניזירן קיין שום אידן. מיר אליין מוזן עס טון, אויב מיר ווילן נישט צונישט מאכן די פאָליטישע דערגרייכונג פון דער חולה דערווערבונג.

די חולה איז געווען א קלארער באוויז קעגן דעם בלבול פון אנט־אייגנונג, קעגן דעם בלבול פון באָדן־מאנגל. אָט איז במשך הונדערטער יאָרן געווען פריי א גרויסער, פרוכטבארער שטח, און די, וועלכע האבן געמאכט בלבולים אויף אונז, וועלכע האבן זיך אנגענומען די קריוודע פון באָדנלאָזע אַראַבער, האָבן נישט געפונען קיין באַדערפניש און קיין מעגלעכקייט זיך מיט דעם שטח צו באנוצן, כאָטש ער איז געווען ביי זיי אין די הענט. אויף דעמזעלבן שטח וועט איצט געמאכט ווערן א נייע קאָלאָניזאציע, קיינעם נישט באעוולהנדיק, פארקערט, עס וועט נאָך פארטיילט ווערן מיט א ברייטער האנט באָדן צו די, וועלכע האָבן וואָסער־ניט־איז חזקה דאָרטן. דער אויפטו האט א גרויסע פאָליטישע באדייטונג אין דעם שווערן קאמף, וואס מיר פירן פאר אונזער קאָלאָניזירונג אין לאנד. אבער דאס וואס קען דאָ געמאכט ווערן איז נאָר א טראָפן. ביי דער איצטיקער גרויסער עליה זיינען פאראן נאָך גרעסערע באדערפנישן — און עס זיינען אַויך פאראן גרעסערע מעגלעכקייטן. איך מיין דערמיט אויך פאָליטישע מעגלעכקייטן פאר אונזער באָדן־דערווערבונג, און פאר אונזער באָדן־פארוואורצלונג אין אנדערע טיילן פון לאנד. אויך אין דער הינזיכט איז פאַראַן א דיסטאנץ צווישן אונזער אויפפאַסונג און צווישן דער אויפפאסונג פון דער רעגירונג. אבער אויך דא איז פאראן א דיסטאנץ צווישן דער רעגירונגס־אויפפאסונג מיט עטלעכע יאָר צוריק און איר אויפפאסונג איצטער. די תשובה, וואס דער נציב האט געגעבן דער אראבישער דעלעגאציע, וועלכע איז געקומען פאָדערן, ער זאָל פארבאָטן אידן קויפן ערד, — די תשובה, וועלכע האט געזאגט, אז די הויפט־פראגע אין ארץ־ישראל איז דאס פארגרעסערן די פרוכט־בארקייט פון דער ערד, האט א גרעסערע פאָליטישע באדייטונג ווי א סך

מיניסטארישע דעקלאראציעס אין פארלאמענט וועגן אָפּהיטן דעם מאנדאט. פארגרעסערן די פּרוקטבארקייט, — דאס איז דער שווערפּונקט פון דער אגראר־פראַגע אין ארץ־ישראל, אין דעם ליגט די לעזונג פאר אונזערע באַדערפענישן און אויך פאר די באדערפענישן פון דעם אראבישן לאנדווירט. אין דער הינזיכט האט זיך די רעגירונג דערנענטערט צו אונזערער אויפפאסונג. דידאָזיקע אויפפאסונג האָט אין זיך ברייטע מעגלעכקייטן. אָבער די מעגלעכקייטן וועלן צונישט־ווערן, אויב מיר וועלן נישט פארמאָגן קיין גרויסן פינאנציעלן כוח, אויב די ציוניסטישע אָרגאניזאציע וועט נישט ווערן א קאָלאָניזאטאָרישער פאקטאָר אין גרויסן פארנעם.

## כו. אידישע ארבעט

אבער לאנדווירטשאפט איז נישט בלויז באָדן. באָדן ווערט ממשותדיק נאציאָנאל־אייגנטום דורך — א י ד י ש ע  א ר ב ע ט. איז דען נאָך נויטיק אויפצוקלערן די וויכטיקייט פון אידישער ארבעט? וועלכע ציוניסטישע פּארטיי שרייבט נישט איצט אויף איר פאָן אידישע ארבעט? אבער ווען איך וואָלט געהאלטן ביי קומען מיט טענות צו געוויסע ציוניסטישע פּארטייען, וואָלט איך עס נישט געטון וועגן זייער באציאונג צו די פאָנדן, נישט וועגן זייער באַציאונג צו דיסציפּלין, נישט וועגן זייער באציאונג צו דער עקזעקוטיווע, — נאָר וועגן זייער פארברעכערישער באציאונג צו אידישער ארבעט. נישט געקוקט אויף אלע אייערע גוטע דעקלאראציעס, האט איר נישט דערשאצט דידאָזיקע גורל־פראגע. מאָסינזאָן פון די אלגעמיינע ציוניסטן קלאגט זיך אויף די ארבעטער, הלמאי זיי מאַכן משמרות. וואָס האָבן געטון פאַר אידישע אַרבעט די אַלגעמיינע־ציוניסטן איידער עס זיינען געווען די משמרות? האָפמאן פון די רעוויזיאָניסטן קלאגט זיך, הלמאי מען אנטלויפט פון דער קאָלאָניע. ווען האָבן די רע־וויזיאָניסטן גערופן גיין אין די קאָלאָניעס? אויב עטלעכע בית״רים זיינען גע־גאַנגען אין קאָלאָניע, זיינען זיי נישט געגאַנגען לויט אייער רוף, איר האָט זיי נישט דערצויגן דערצו. אין דער בית״רישער תורה, וואָס אייער פירער האָט צוזאַמענגעשטעלט, איז פאראן אלץ: א „אידישע מדינה״, אַ „אידישער לעגיאָן״, ציוניסטישער „מאניזם״, — נאָר קיין חלוציזם איז נישטאָ, ארבעט אין לאנדווירט־שאפט איז דאָרט נישטאָ. וואָרום וואס פארא שייכות האבן חלוצים, ארבעט, לאנד־ווירטשאפט, מיט א „אידישער מדינה״? און אויב געוויסע חברים אייערע זיינען געגאנגען אין קאָלאָניע, — זיינען זיי אונז נאכגעגאנגען, איר זייט נישט שולדיק דערין. און אז זיי זיינען שוין יאָ געגאנגען, — האט איר זיי געפּרוּווט פאר־וואנדלען אין א געוועהר פאר די בארויבער פון אידישער ארבעט קעגן די וואס קעמפן פאר איר. און ווען די פעסטונג פון אידישער ארבעט אין כפר־סבא האט

זיך איינגעבראָכן, — האט איר פארטיידיקט די איינברעכער אזוי לאנג, ביז די ביתּ־ר־ים האבן אויך פארלאָזט כפר־סבא. און אויב איך וואונדער זיך נישט אויף דער פאַרטיידיקונג מצד מאָסינזאָן, — קען איך נישט פאַרשטיין וויאזוי אוסישקין שטייט אויך צו צו די פאַרטיידיקער.

אוסישקין איז געווען פון די ערשטע, וואס האבן פראָקלאמירט אידישע ארבעט אלס הויפט־פרינציפּ אין ארץ־ישראל־אויפבוי, און במשך צענדליקער יאָרן איז ער געווען טריי דעם פרינציפּ. אבער מיט וואס פארטיידיקט ער איצט די באַיקאָטירער פון אידישע ארבעטער? זיכער זיינען דאָ מאָטיוון און סיבות פון דעם באַיקאָט. יעדער נאציאָנאלער פארעטער האט א מאָטיוו און א סיבה. פאראן שוועריקייטן ביי אידישער אַרבעט? א ודאי זיינען פאראן שוועריקייטן. באקוועמער און ביליקער און גרינגער איז צו באשעפטיקן ביי זיך א אראבישן ארבעטער. דער אידישער ארבעטער איז „טייער" אין אלע הינזיכטן, ער איז שטאָלץ און פארלאנגט בירגער־רעכט. מען דארף נישט פארזען די און אנדערע און ענלעכע שוועריקייטן, אבער דאס הייסט נישט, אז מען דארף פארטיידיקן די באַיקאָטירער. אָ, איך ווייס, אז די פרדסנים האלטן זיך פאר לחלוטין אומ־אָפּהענגיק פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פון דער אידישער עפנטלעכער מיינונג. די מאראנצן פארקויפט מען נישט קיין אידן און ס'איז דעריבער, לויט זייער מיינונג, נישט נויטיק זיי צו באארבעטן דורך אידן. אויב אָרטיקע אַראַבישע ארבעטער קְלעקן נישט, קען מען איינאָרדנען א חורנישע און מצרישע עליה.

אבער עס איז נישט קיין ציוניסטישע פליכט, עס איז נישט ציוניסטיש קלוג, מ אָ ר אַ ל י ש צו פאַרגרינגערן דידאָזיקע פארעטער, אונטערצוגראָבן דעם גאנצן יסוד פון אונזער קיום אין ארץ־ישראל. צי וועט העלפן „מוסר־זאָגעריי"? ביי אונזער־לאגע טאָרן מיר זיך נישט אָפּזאָגן אפילו פון מוסר־זאָגעריי. ווען אין ארץ־ישראלדיקן ישוב וואָלט געווען א ציוניסטישע אטמאָספער, ווען אלע ציוניסטישע קרייזן אין לאנד וואָלטן געשאפן א געניגנדן מאָראלישן דרוק, ווען עס וואָלט געהערשט א אלגעמיין געפיל, אז דער באַיקאָט אויף אידישער ארבעט ברענגט א אומגליק אויפן אידישן פאָלק און אויפן פאראנענעם ישוב, — דאן וואָלט נישט געווען אזוי גרינג צו באַיקאָטירן אידישע ארבעטער און דאן וואָלט פאר „ציוניסטישע" צייטונגען געווען אוממעגלעך מיטצוהעלפן די באַיקאָטירער.

איך וויל נישט פארבארגן קיין שום שוועריקייט. פאראן שוועריקייטן, נישט בלויז מצד די קאָלאָניסטן, נאָר אויך מצד די ארבעטער. עס ציט צו בוי־ארבעט, צו אינדוסטריע, נישט בלויז אין שטאָט. אויך די ארבעטער אין די קאָלאָניעס זיינען נישט אלע קיין לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער. פאראן א גרויסער אונטערשיד צווישן ארבעטסלוין ביי לאנדווירטשאפט און ביי בוי־ארבעט. און ס'זיינען פאראן זאָרג פאר דער צוקונפט און זאָרג פאר קרובים. מיר דארפן באטראכטן

די זאכן אזוי ווי זיי זיינען. אבער מען דארף זיך אליין נישט נארן מיט באבסקע רפאות. אומזיסט האט אוסישקין געזוכט דעם מקור פונם בייז אין דעם אונטער־שייד פון געזעלשאפטלעכע אנשויאונגען, וואס הערשט צווישן די קאָלאָניסטן און די ארבעטער. איך וויל פרעגן אוסישקינען א מאָראלישע פראגע: פארוואָס איז עפעס דער ארבעטער מחויב צוצופאסן זיינע אנשויאונגען צו די אנשויאונגען פונם ארבעטסגעבער? (אוסישקין: ווייל איך וויל מאכן גרינגער סיי דעם ארבעטסגעבער, סיי דעם ארבעטסנעמער. איך פארשטיי זייער גוט די פסיכאָלאָגיע פון א מענטש, וואס באשטעלט א ארבעטער און וויל זיך מיט אים פילן היימיש. און איך מיין, אז עס זיינען פאראן צווישן די ארבעטער אזעלכע, וואס אנשפרעכן איין קאָלאָניסט, און אנדערע, וואס אנשפרעכן אן אנדער קאָלאָנאסט. מען דארף טון אלץ וואס ס'איז מעגלעך כדי צו מאכן גרינגער.)

## כז. קאָלאָניסטן און ארבעטער

מיין טייערער חבר, אוסישקין, מיר איז דער ענין באקאנט שוין זייט א סך יאָרן. ווען אייער טעאָריע וואָלט געווען א ריכטיקע, וואס וואָלטן מיר געדארפט טון מיט 30 יאָר צוריק, ווען מיר זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל? מיר האָבן דאן געטראָפן קאָלאָניסטן — טעריטאָריאַליסטן און אנטי־ציוניסטן, האבן מיר צוליב זיי געדארפט זיך אָפּזאָגן פון ציוניזם און פון ארץ־ישראל? מיר האָבן געטראָפן קאָלאָניסטן — אידישיסטן. די ביכער פון ועד המושבה אין זכרון יעקב האָבן זיך געפירט אין אידיש. העברעאיש־רעדן האט מען אין פתח־תקוה געהאלטן פאר אפיקורסות. האבן מיר צוליב דעם געדארפט זיך אָפּזאָגן פון העברעאיש? בעדואינער, מוגראבן און טשערקעסן האָבן אָפּגעהיט די אידישע קאָלאָניעס און דעם כבוד פון אידישע טעכטער, — האָבן מיר זיך דעריבער געדארפט אָפּזאָגן פון אידישער שמירה און זעלבסטשוץ? אין פתח־תקוה האָבן די אָרטיקע איינוואוינער צעריסן די ציוניסטישע פאָן, וואס די ארבעטער האָבן ארויסגעשטעלט ביים קבלת־פנים פאַרן חכם באשי פון קאָנסטאנטינאָפּאָל, — האָבן מיר צוליב דעם זיך גע־דארפט אָפּזאָגן פון דער ציוניסטישער פאָן?

עמיצער פון די רעוויזיאָניסטן האָט דאָ געפרווווט זאָגן, אַז אַמאָל זיינען די ארבעטער געווען בעסער און די באציאונגען מיט די קאָלאָניסטן זיינען דעריבער געווען אין אָרדנונג, נאָר איצטער זיינען די אַרבעטער קאַליע געוואָרן, איז דעריבער נישטאָ קיין אידישע ארבעט אין די קאָלאָניעס. ווען וויל מען עס איינרעדן די נארישע מעשה? איז דען מיט 29 יאָר צוריק נישט דערקלערט געוואָרן אין פתח־תקוה א באָיקאָט אויפן אידישן ארבעטער? און דער באָיקאָט איז נישט געווען קיין פערזענלעכער נאָר אַ אָרגאַניזירטער דורכן ועד המושבה, ווייל די ארבעטער פון דער קאָלאָניע האָבן פראָטעסטירט קעגן די פּאָגראָמען אין

רוסלאנד. זיינען דען די מענטשן פון דער צווייטער עליה נישט געווען א דאָרן אין אויג ביי יענע לייט נאָך מיט 20—30 יאָר צוריק? ווען האָט עס געהערשט דידאַזיקע אידיליע צווישן די ארבעטער און די קאָלאָניסטן? פון דער ערשטער מינוט, וואָס מיר זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל, זיינען מיר אוועקגעשטעלט געוואָרן פאר א שווער גוראנגל. מיר זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל נישט צו קעמפן, נאָר צו ארבעטן. און אַלץ וואס מיר האָבן געפונען אין לאנד האט אונז געצוואונגען צום קאמף, — וואָרום מיר זיינען געווען ציוניסטן און האָבן נישט געקענט שלום־מאכן מיטן טעריטאָריאליזם, מיט דער אראבישער און פראנ־צויזישער אסימילאציע, מיט דער מאָראלישער און געזעלשאפטלעכער דעמאָרא־ליזאציע. איך האב געארבעט אין זכרון יעקב און איך פלעג אויפציטערן הערנדיק אראבישן ניבול־פה פון דעם קאָלאָניסטן־קליינווארג, וואס האט זיך דערצויגן דורך אראבישע דינסטן אין דער סביבה פון אראבישע קינדער, וועלכע האָבן געוואוינט מיט די עלטערן אין די קאָלאָניסטישע הויפן. האָבן מיר זיך געדאַרפט צופאַסן צו דעם אלעם? מיר האָבן דערקלערט א מלחמה קעגן דעם, דאס איז געווען אונזער „קלאסן־קאמף“ און מיר האבן נישט קיין חרטה דערויף. די פאָן, וואָס מיר האָבן דעמאָלט אויפגעהויבן, האָבן מיר געטראגן מיט שטאָלץ און וועלן עס אויך ווייטער טון.

## כח. פערזענלעכער חלוציזם און קאָלעקטיווער חלוציזם

מיר האָבן אויך געטראָפן קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן זיך געפרייט מיט אונזער קומען און האָבן פארשטאנען די באדייטונג פון אידישן ארבעטער און אידישן שומר. מיר זיינען נישט געווען די ערשטע חלוצים. אנדערע זיינען געקומען פריער פאר אונז. יענע, וועלכע זיינען געבליבן טריי זייער חלוצישקייט, האָבן אונז פארשטאנען. און מיר האבן עס געוואוסט אָפּצושאצן. חלוציזם איז נישט אונזער מאָנאָפּאָל. אין גליל האָבן מיר געטראָפן קאָלאָניסטן, נאָענטע צו אונז, אזעלכע, וואס האָבן אליין געארבעט און אזעלכע וואס האָבן אָפּגעהיט דעם פרינציפּ פון אידישער אַרבעט. עד היום זיינען צווישן אונז און זיי חברשע באציאונגען. מיר האבן געוואוסט אָפּצושאצן אזא קאָלאָניסט ווי קראָל אין פתח־תקוה. און מיר ווייסן אויך היינט אָפּצושאצן געהעריק די גבורה און טרייהייט פון די קאָלאָניסטן אין רעננה און הרצליה. ערשט מיט אייניקע וואָכן צוריק איז מיר אויסגעקומען צו זיין אויף א זיצונג פון קאָמיטעט פאר אידישער ארבעט און איך האָב דאָרט געהערט די זאָרגפולע רייד פון הרצליה'ער קאָלאָניסט ה. הירש, — האב איך געפילט, אז מיר מעגן שטאָלצירן מיט אזעלכע קאָלאָניסטן. אויך ער האָט גערעדט וועגן דעם אַנטלויפן פון דער לאָנדירטשאַפט, אָבער די

רייד זיינען געוועזן אויפריכטיקע און דורכגעזאפט מיט צער. מיט אזעלכע קאָלאָ־ניסטן וועלן די אַרבעטער געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך.

פאראן חלוצים צווישן די קאָלאָניסטן און פאראן נישט־חלוצים צווישן די ארבעטער. פאראן א סך ארבעטער, וואס זיינען נישט קיין חלוצים. נישט יעדערער, וואס איז געקומען קיין ארץ־ישראל, איז געקומען מיט חלוצישער דערציאונג און חלוצישער הכשרה. סופראסקי און זיינע חברים האבן שוין מיט עטלעכע יאָר צוריק געפסקנט, אז מען דארף נישט קיין חלוצים, אז די תקופה פון חלוציזם איז שוין פארביי. און א סך פון דעם מיטלשטאנד, וועלכע האָבן זיך דערצויגן אויף טופראסקיס תורה, מוזן גיין ארבעטן, — זיי אָדער די קינדער, — אָן קיין שום חלוצישער הכשרה. ס'איז אבער דאָך פאראן איין וויכטיקער אונטערשיד: דער ארבעטער, אפילו ווען ער איז נישט קיין חלוץ, גייט ער אריין אין א חלוצישע ראַם מיט זיין אריינטרעטן אין דער הסתדרות. אַ קאָלאָניסט, אַפילו ווען ער איז יאָ א חלוץ, גייט ער אריין אין א נישט־חלוצישע ראם — מיטן אריינ־טרעטן אין דער התאחדות האכרים. דער אונטערשיד אין כאַראַקטער און וועזן פון די צוויי אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַמען איז א גרויסע שטערונג צו קעגנ־זייטיקער פארשטענדיקונג. די הסתדרות העובדים איז אינערלעך, אין איר יסוד, געבויט אויף ציוניסטישער דיסציפלין און ציוניסטישער אָנגעהעריקייט. ווען די התאחדות האכרים וואָלט אויך געווען געבויט אויף דעם יסוד — וואָלט געווען נישט שווער אויסצוגעפינען אַ געמיינזאַמע און קעגנזייטיקע רעגולירונג פון די ענינים.

די גאַנצע ציוניסטישע באַוועגונג, מיט אַלע אירע פּאַרטייען און פראַקציעס, מיט איר מאָראַלישער, פּאָליטישער און מאַטעריעלער קראַפט, ווערט איצט אויפגע־פאָדערט צו ראַטעווען דעם מצב סיי מיט מאָראַלישן דרוק און סיי מיט ממשות־דיקער, מאטעריעלער הילף; זי דארף העלפן דעם קאָלאָניסט, וואס איז מקיים אידישע ארבעט, און זי דאַרף העלפן דעם אַרבעטער, וואָס איז מקיים לאַנד־ווירטשאַפט. עס איז אַ לעבנספראַגע פאַרן ציוניזם. דער פערזענלעכער חלוציזם פונם ארבעטער און פון קאָלאָניסט נויטיקט זיך איצט אין מוטיקונג און שטארקונג דורך דעם קאָלעקטיוון חלוציזם פון דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג.

שטארקן די אידישע לאנדווירטשאפט לויטן מאסשטאב פון דער פארברייטערטער עליה — דאָס איז איצט די צענטראלע און הויפּט־אויפגאבע פון ציוניזם. און לאנדווירט־שאפט איז דער טייטש: באָדן און אַרבעט. דערצו זיינען נויטיק אלע פּאָליטישע און פינאנציעלע אנשטרענגונגען, דערצו איז נויטיק די איינהייטלעכקייט פון דער ציוניסטישער באוועגונג, דערצו איז נויטיק א ציוניסטישע אָרגאניזאציע מיט כוח, פון פעסטקייט און מיטלען.

# כט. ציוניסטישע מאַכט

מען קען אָבער נישט שטאַרקן די לאַנדווירטשאַפט ווי אויך אַלע אַנדערע פּאָזיציעס אונזערע, — נישט שאַפנדיק קיין ציוניסטישע מאַכט. די ציוניסטישע מאַכט דאַרף זיין פעסט אינעווייניק, אין דער באַוועגונג און כלפּי־חוץ, זי דאַרף זיין אַ צילבאַוואוסטע, איניציאַטאָרישע און בויענדע מאַכט, וואָס זאָל פּלאַנירן און אָנפירן די גאַנצע ציוניסטישע טעטיקייט און רעגולירן די אַרבעט פון די נאַציאָנאַלע און האַלב־נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס. די ציוניסטישע מאַכט דאַרף מיטהעלפן יעדער געזונטער פּריוואַטער איניציאַטיוו און ווענדן זי אין דער ריכטונג פון פּלאַנמעסיקן אויפבוי. זי דאַרף באַזאָרגן אונזער ציוניסטיש ווערק מיט נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַלן, מיט ברייט־ פאַרנעמיקע עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן און מיט אַ דורכגעטראַכטן און סיסטעמאַטישן פּלאַן צו שאַפן אַ פאַרצווייגטע און פאַרוואָרצלטע נאַציאָנאַלע ווירטשאַפט אין דאָרף און אין שטאָט, וועלכע זאָל קענען ביישטיין אַלע פאַרויסגעזעענע און נישט־פאַרויסגעזעענע נסיונות. די ציוניסטישע מאַכט דאַרף איינפירן און פאַרפעסטיקן די אידישע אַרבעט אין אַלע צווייגן פון דער אידישער ווירטשאַפט, זי דאַרף געטריי מיט־העלפן דעם אידישן אַרבעטער און זיין אַלגעמיינער און איינהייטלעכער אָרגאַני־זירונג, און זי דאַרף דערמעגלעכן דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן אַרבעטער זיך פאַר־בינדן מיט דער ערד און דאָרפישער ווירטשאַפט. און זי דאַרף אויך צוגרייטן די פּאָליטישע און פינאַנציעלע באַדינגונגען פאַר אַ ברייטער, פאַרצווייגטער און פאַרשידנאַרטיקער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע אויפן יסוד פון אידישער אַרבעט. די ציוניסטישע מאַכט דאַרף שטאַרקן די אַלגעמיינע און פאַראייניקטע אָרגאַניזאַציע פון ארץ־ישראלדיקן אידישן ישוב, וועלכע זאָל אַרומנעמען אַלע זיינע טיילן און גרופּעס אויפן יסוד פון אַבסאָלוטער גלייכהייט לגבי רעכט און פליכטן. די ציוניסטישע מאַכט דאַרף זאָרגן פאַר דער ציוניסטישער דערציאונג פון אידישן פאָלק, פאַר דער ציוניסטישער הכשרה פון דער אידישער יוגנט און פאַר דער מאָביליזירונג און אַקטיוויזירונג פון די אידישע מאַסן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און אָרגאַניזאַציע. די ציוניסטישע מאַכט דאַרף, אַלס איינציקע, קאָמפּעטענטע פאַרטרעטערשאַפט פון אידישן פאָלק, שטיין אויף דער וואַך פון אונזער פּאָליטישע רעכט און זי דאַרף אויפהאַלטן און פאַרזעצן די קאָאָפּעראַציע־פאַרבינדונגען מיט דער מאַנדאַט־רעגירונג און ענגלישן פאָלק פון איין זייט — און מיט דער אַראַבישער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל און אַראַבישע פעלקער אין די שכנותדיקע לענדער פון דער אַנדערער זייט.

דידאָזיקע ציוניסטישע מאַכט דאַרף געשאַפן ווערן דורך די געמיינזאַמע און פאַראייניקטע כוחות פון אַלע טיילן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. מיר זיינען גרייט איינצושפּאַנען אונזער גאַנצן כוח צו שאַפן אָט די מאַכט צוזאַמען מיט אַלע,

וואָס זיינען גרייט דערצו.

מיר זיינען אַמאָל געווען איינזאַם — אבער אויך זייענדיק קלײן אין צאָל, זיינען מיר נישט געווען קראַפּטלאָז. פונוואַנען נעמט זיך אונזער כוח אין ציוניזם? ער נעמט זיך דערפון, וואָס מיר האָבן רעשטלאָז אויסגעשעפּט דעם גאַנצן היסטאָרישן אינהאַלט פון ציוניזם און מיר האָבן זיך, אָן באַדינגונגען, געשטעלט אין רשות פון זיין פולער פאַרווירקלעכונג. אַלע, וואָס זיינען גרייט, פּונקט ווי מיר, זיך אויפּריכטיק און געטריי באַטייליקן אינם פאַרווירקלעכונגס־ווערק — זיינען אונזערע פאַרבינדעטע.

ירושלים, כז אדר ב׳ תרצ״ה, (אַפּריל 1935)

